Andreyev, Leonid.
Der vos krigt di petsh :
aforshtelung in fir aktn.
Varshe, 1921.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1892.2

**Andreyev, Leonid, 1871-1919.**
Der vos krigt di petsh : aforshtelung in fir aktn.
Varshe : Farlag brider Levin-Epshtayn un shutfim, 681, 1921.
149 p. ; 20 cm.

1. Russian drama--Translations into Yiddish.--lcsh
2. I. Morevski, Avraham, b. 1886. II. Poland-Warsaw

ID : NXYH01-B16685 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /9357

Reduction ratio X 10.0



ל. אנדרעיעוו
דער וואס קריגט
די פּאַטשן
יידיש
א. מאַרשווסקי
פאַרל. בר. לעווין
עפשטיין און שוואַרץ
וואַרשע
192
H.BERLEWI

9357

לעאָניד אַנדרעיעוו

# דער וואס קריגט די פּעטש

אַ פֿאָרשטעלונג אין פיר אַקטן

יידיש פון אַברהם מאַרעווסקי

פאַרלאַג „ברידער ל׳עווין-עפשטיין און שותּפים“,
תרפ״א * ווארשע 1921

# הקדמה.

צוויי אמתען זיינען דער גרונט פון דער גאַנצער ריכטונג, אָן וועלכער די יידישע בינע מוז זיך פעסט האַלטען, אויב איר איז באַשערט זיך נאָרמאַל צו אַנטוויקלען.

ערשטענס — נאַציאָנאַלע מאָטיווען ביים בינען=דיכטער.

דער יידישער דראַמאַטיקער דאַרף זוכען די קאָנפליקטען פון זיינע דראַמאַטישע צוזאַמענשטויסען אויסשליסלעך אין די קנייטשען פון ספּעציפיש=יידישען לעבען, יידישער געשיכטע און יידישע קאָליזיען.

צו דער זון פון אַלוועלטליכע אוצרות ציט זיך יעדער עפּאָכע דורך אירע וועגען, יעדער נאַציע דורך אירע זאָרגען און זיפצען.

אונזער בינע=דיכטונג וועט אַליין ניט אָפּטרעטען פון דאָזיגען פעסטען כלל, אויב זי וועט זיך ניט באַפרידיגען מיט דער לאַגע פון נאָכקרימערישער ערשיינונג און וועט האַלטען ביים ווערען אָריגינעל און אייגנאַרטיג. אויפן דאָזיגען וועג זיינען שוין די ערשטע טריט געמאַכט געוואָרען, און אין דער צוקונפט לאָזט זיך קוקען דרייסט און גאוהדיג.

דער צווייטער אמת פון אונזער בינע=ריכטונג איז דער היפּך פון ערשטען.

אויב דער דראַמאַטיקער מוז שעפּען זיינע טעמען נאָר אין די טיפענישען פון יידישער פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט, דאַרף אָבער דער שוישפּילער למען=השם זיך פאַרנעמען איבער די ב ר י י ט ק י י ט ע ן פון אַלגעמיינער ליטעראַטור און זיך באַהויכען מיט די אָטעמס פון אַלע קלאַסישע ווערק, אין וועלכע די אַלוועלטליכע בינע האָט געשעפּט איר אַנטוויקלונג.



אַלזאָ —

א) די דראַמאַטורגיע איז נאַציאָנאַל;

ב) דאָס טעאַטער איז אַלוועלטליך.

אָן אַנ׳אייגענער נאַציאָנאַלער דראַמאַטורגיע וואָלט דאָס יידיש טעאַטער ניט האָבען קיין נשמה. אָן אַנ׳אַלוועלטליך=אַנטוויקעלטען שוישפּילער וועט די יידישע דראַמאַטורגיע ניט באַקומען קיין פּנים.

אַרויסגייענדיג פון אָט די טעזען, וועלכע שאַפען, נאָך אונזער מיינונג, אַנ׳אַקסיאָמע — האַלטען מיר, אַז דער יידישער שוישפּילער מוז האָבען אין זיין רעפּערטואַר אַ ל ץ, וואָס האָט ווען עס איז באַפּייערט די שוישפּילער ביי די אומות העולם, אויסמיידענדיג נאָר דאָס, וואָס איז ספּעציפיש ניט יידיש.

אַ שטייגער: לעסינגס — „מיננאַ פאָן באַרהעלם", אָדער טאָלסטאָיס — „מאַכט פון דער פינסטערניש", אָדער טשעכאָוו... זייענדיג פאַר זיך מייסטערווערק, האָבען זיי אַ ריין נאַציאָנאַלען קאָלאָריט און טאָרען ניט געשפּילט ווערען אין איבערזעצונגען: זיי וואָלטען קלינגען פאַלש.

זיי וועט אויך ניט שפּילען קיין קינסטלער פון טעאַטער, וואָס פאַרמאָגט אַ קריטישען חוש און אַ לעבעדיגע באַציהונג צו זיך.

* * *

דאָס ווערק, וועלכע מיר נעמען אויף זיך די דרייסטקייט פאָרצולייגען דעם יידישען רעפּערטואַר אין דער פאָרליגענדער איבערזעצונג, פאַרנעמט אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט אין דער קייט פון טעאַטער=פּיעסען.

עס געהערט דעם פעדער פון אַ שריפטשטעלער, וואָס איז געווען אַ בולטער פאָרשטייער פון זיין צייט און לאַנד, און גלייכצייטיג איז עס איבערפולט מיט מאָטיווען, וועלכע קלינגען, ווי אייביגע, פאַר די יענע, וואָס דערהערען זיי און בלייבען ניט טויב צו זייערע קלאַנגען...

„דער וואָס קריגט די פּעטש" איז אַ ווערק, אין וועלכען עס ציטערען די האַלב=צעריסענע סטרונעס פון דער רוסישער נשמה, פאַר דער רעוואָלוציע אָבער עס שפּילט זיך אָפּ אין אַ סביבה, וואָס האָט מיט רוסען און רוסלאַנד קיין געמיינזאַמען פינטעל ניט.

די גאַנצע פּיעסע ביים ערשטען קוק איז פאַרוויקעלט, פאַרפּלאָנטערט,

אָבער—בײם תנאי פֿון ריכטיגער אויפֿפֿאַסונג—מצד רעזשי און אַקטיאָר — איז זי קלאָר, אײנפֿאַך און פּשוט ווי... אַ פּאַטש.

די טענער זײַנען העכסט מאָדערן, די פֿאַרבען און ליניען פֿון גאַנצען קינסטלערישען בוי זײַנען דאָס לעצט=געשריי פֿון ערב=מלחמהדיגער בונטקײט. פֿאַר די אויגען און אויערן איז ער אַ מין קאָנגלאָמעראַט פֿון פֿוטוריסטיש=קוביסטיש=בופֿאָנישע צוזאַמענפֿלעכטונגען —

אָבער קוקט מען זיך אײַן אין דעם אײַן; שפּירט מען דורך די בונטע װעבונג מיטן שאַרף פֿון מאַרך, — געפֿינט מען אַן'אײַנפֿאַכען, אײביג — טראַגישען מאָטיוו, וועלכער איז אַלע צײַטען גלײַך נאָהנט און ווײַט: דעם קאָנפֿליקט פֿון זיך באַזינטען געניוס, וואָס זוכט זײַן אָרט אין צײַט פֿון בראשית ביז הײַנט און געפֿינט אים נאָר אין קאָמפּראָ=מיסען, וואו ער הערט אויף צו זײַן דאָס, וואָס ער איז...

ניט צופֿעליג און ניט אומזיסט האָט די פּרעסע אָנגענומען דאָס שטיק מיט אַן'אונגעהערטער ליידענשאַפֿטליכקײט. סײַ די ליבער, סײַ די זידלער האָבען ניט געקאָנט ריידען קאַלטבלוטיג וועגען דעם ווערק: זײַן פֿאַרנעם האָבען דערפֿילט אַלע.

און עס האָבען זיך אַנטציקט די, וואָס האָבען עס פֿאַרשטאַנען ביזן סוף.

און געערגערט האָבען זיך די, ווער עס האָט דערזען די דרײַסטקײט פֿון פֿאַרנעם, ניט קאָנענדיג אויסשעפּען די טיפֿקײט פֿונם אינהאַלט.

לויט אונזער איבערצײַגונג איז „דער" אַ קלאַסיש ווערק. די אויפֿפֿירונג אין דער „ווילנער=טרופּע", האָט אונז באַוויזען, אַז עס איז אַ גלענצענדע אויפֿגאַבע פֿאַר הײַנטיגען יידישען טעאַטער. זײַענדיג אַ מײַסטערווערק פֿון רוסישער ליטעראַטור, איז די פּיעסע אוניווערסאַל, אַלוועלט=ליך לויט איר מיליע און האנדלונג; געבענדיג אַ ברײַטען שטח פֿאַר דער פֿאַנטאַזיע פֿון בײַגײַענדיגע בינע=קונסטען: דעקאָראַציע, מוזיק, גרופּען — און מאַסען סצענעס, איז די פּיעסע אַ דאַנקבאַר פעלד פֿאַר דעם רעזשי און גלײַכצײַטיג פֿאַרמאָגט זי אַ רײַכען ראָלען=מאַטעריאַל, אין וועלכען די ראָלע פֿון „דערען" איז אַן'אויפֿגאַבע, וואָס טרעט ניט אָפּ פֿאַר די שענסטע אין שווערסטע מוסטערן פֿון וועלט=רעפּערטואַר



* * *

בײַם איבערזעצען די פּיעסע האָבען מיר געהאַלטען פֿאַר אומבאַדינגט נויטיג צו פֿאַרהיטען דעם ספּעציפֿישען סטיל פֿון אָריגינאַל, דהיינו: זײַן,— זאָל ערלויבט זײַן צו זאָגען — נעוראַסטענישקײט אין בוי. פֿון פֿילע פֿראַזען אין וועלכער עס שפּיגעלט זיך אָפּ די צובראָ=כענקײט פֿון דער ערב=מלחמהדיגער גײַסטיגער קאָנצעפּציע. דאָס האָט אונז געצוואונגען עפּטליך צו איבערזעצען ווערטערליך אפילו דאַן, ווען ס'דוכט זיך, אַז עס קומען אַרויס ניט יידישע, ניט בויגזאַמע פֿראַזען. זאָל דער לעזער וויסען, אַז אַזוינע פֿראַזען זײַנען בײַ אַנדרעיעוון ניט רוסיש.

אַ שטײגער:

Можно, когда здороваешься и прощаешься, а посерединѣ нельзя

לחלוטין ניט רוסיש.

אָדער

каждые глаза

אָדער

ты будешь смотрѣть меня?

אויף רוסיש זאָגט מען:

Смотрѣть на меня

אַ ספּעציעלער אויסדרוק איז

„Смотрѣть невѣсту",

פֿון דעם האָט זיך אויסגעבילדעט ביסלעכווײַס אַזוינע אויסדרוקן ווי:

Смотрѣть процедуру,
Смотрѣть спектакль,
Смотрѣть актера,

אָבער

Смотрѣть меня

דאָס איז גאַנץ באַשטימט אַן'אומדערלאָזבארער באַרבאַריזם. אָבער ווי באַלד אים דערלאָזט אַנדרעיעוו, אָנגעפֿירט פֿון דער צײַט און פּסיכיק, האָבען מיר געהאַלטען פֿאַר נויטיג עס אײַנצוהאַלטען אין יידישען טעקסט. אין אַ גאַנצע רײַ אַזוינע שטעלען ערקלערען זיך אויסשליסליך מיטן כאַראַקטער פֿון אָריגינאַל.

אויסער דעם וועט דער לעזער טרעפֿען אַ רײַ ווערטער און באַגריפֿען, וועלכע ווען—וואַרשײַנליך—ערטערווײַס שײַנען פֿאַר ניט פּאַסיגע, אָדער אומגעריכטע.

# דער וואס קריגט די פעטש

מיר האַלטען, אַז באגריפען, וואָס האָבען ביי אונז באַקומען א ספּעציפישען ביי־טעם, אַדאַנק דער סביבה פון געברויך, מוזען אָפּגעוואַשט ווערען פון זייער שימעל און אויפגעשטעלט ווערען אין זייער נאַטירליכען גלאַנץ. למשל — „מלכה".

„מלכה" איז קעניגין Regina... מיר זיינען געוואוינט צו פאַרבינדען דעם נאָמען „מלכה" מיט די געשטאַלטען פון באַשיידענע, עפּטליך פאַרוואָגעלטע מיידלאַך אין די פאַרגרעבטע גאַסען אונזערע, אָבער דאָס איז נאָר אַ פאָראורטייל פון געטאָ.

בעת מיר האָבען צו טאָן מיט גדלות, מיט אימפּאָזאַנטער מאַיעסטעטישקייט פון אַזאַ געשטאַלט ווי קאָנסועללאָ, אָדער זינידע, דאַרפען מיר דעם פאָראורטייל אָפּוואַרפען און נעמען דאָס וואָרט אַזוי ווי עס איז.

דאָסגלייכען אין אַנדערע פאַלען.

ניט געשטערט האָבען מיר זיך אויך מיט דעם, וואָס אנדערע באַגריפען זיינען גאַנגבאַר אין איין קאַנט און ניט גאַנגבאַר אין אַ צווייטען, ווי למשל: „אָשוסט", מיר באַהויפטען, אַז די שפּראַך קאָן ווערען באַרייכערט נאָר באַנוצענדיג אַלע שאַטירונגען, וואָס זי פאַרמאָגט. אין פּראָצעס פון איר שאַפען פאַרנעמט די בינע אַ פאַראַנטוואָרטליכען אָרט.

און דער בינע איילען מיר זיך צו ברייינגען אונזער דאָזיגער אַרבעט.

זאָלען זיך באַפלאַמען יידישע טעאַטער־קינסטלער מיטן פייער פון אַנדרעיעווס גלענצענדען ווערק, און זאָל יעדער מיט זיינע פאָרשריטען אויסבעסערען די חסרונות פון אונזער באַשיידענע אַרבעט.

מיר זיינען אינגאַנצען געבליבען טריי דעם גייסט פון אָריגינאַל, פון וועלכען מיר האָבען ניט ווילענדיג אָפּגעטראָטען אין סצענע צווישען קאָנסועללאָ און דערן אין צווייטען אַקט, וואו דער, זונענדיג רייכער פּאַטאָס פון דערס מאָנאָלאָגן, האָט זיך ביי אונז אומגעריכט אויסגעגאָסען אין אַ ריטמוס פון יאַמבוס, בעת ביי אַנדרעיעוון איז עס אייגפאַכע פּראָזע.

דערפאַר אַנטשולדיגען מיר זיך.

# פערזאָנען:

**קאָנסועללאָ** — א רײַטער'ן
(לויטן אַפּיש „די קעניגין פון טאַנגאָ אויפן פערד")

**גראַף מאַנטשיני** — קאָנסועללאָס פאָטער

**דער** — אַ קלאָאון אין בריקעס צירק
(לויטן אַפּיש—„דער וואָס קריגט די פעטש")

**בריקע** — („פאַפאַ בריקע") — דירעקטאָר פון צירק

**זינידע** — אַדרעסירערין פון לײבן, בריקעס פרוי

**אַלפרעד בעזאַנאָ** — אַ זשאָקי

**אַ הער**

**באַראָן רעניאַר**

**דזשעקסאָן** — אַ קלאָאון („דזשעקסאָנס זון")

**טילי** } מוזיקאַלישע קלאָאונס
**פּאָלי** }

**טאָמאַס, אַנזשעליקע און אַנדערע אַרטיסטען און אַרטיסטינס פון בריקעס צירק.**

---

די האַנדלונג קומט פאָר אין אײנער פון פראַנקרײכס גרויסע שטעט.

## אין צירק.

אויף דער בינע — אַ גרויס, זאָגאַר זייער גרויס, שמוציגלאַך צימער מיט נעטינקעװעטע װענט; אין דער לינקער װאַנט, אין אַן׳ארקען־נישע, דאָס איינציגע פענצטער ערגיץ־װאו אין הויף — דאָס ליכט איז קאַרג און טונקעל אַזוי, אַז עס קומט אוים אָנצינדען די עלעקטרי אַפילו בייטאָג. אין װאַנט, קעגען דער ראַמפע, נאָר אויבען — אַ ריי קליינע פענצטערלאַך מיט פאַרשטויבטע שויבען: די פענצטער קומען אַריין ערגיץ אין צירק גופא, און אין אָװענט, בעת דער פאָרשטעלונג, זיינען זיי העל באַלויכטען, בייטאָג אָבער — פינצטער. אין דער זעלבער װאַנט, איבער צוויי שטיינערנע טרעפלאַך, איז אַ גרויסע פאַרשלאָגענע טיר, אַן אָפגעקאַלכטע. אין דער רעכטער װאַנט, כמעט אין װינקעל, פירט אַ הויכע און ברייטע טיר אָן פילאָנגעס מיט אַ רונדען אויבען־טייל אין שטאַל און אויף דער אַרענע; בייטאָג איז דאָרטען פינצטערלאַך, אין אָװענט יעװאַך באַלויכטען.

דאָס צימער נוצט פאַר כלערליי געברויכען. דאָ איז דעם דירעקטאָר. פּאַפּאַ בריקעס, קאַבינעט — עס שטייט זיין קליינער שרייב־טישעל; דערביי איז די גאַרדעראָבע פון עטליכע אַרטיסטען, און דאָ קלייבען זיי זיך צונויף בעת דער פאָרשטעלונג און פראָבען. אַהער װאַרפט מען אויף אַלטװאַרג, עפּיס צובראָכענע באַנילטע שטולען, דעקאָראַציעס צו דער פאַנטאָמיטע, פאַרשיידענע קלייניקייטען פון צירק־געברויך. אויף די װענט בונטע אַפישען־פּלאַקאַטען.

פרי־מאָרגען.

אין צירק גייען די פראָבען און פאָרבאַרייטונגען צו דער אָװענט־פאָרשטעלונג. אַז דער פאָרהאַנג עפענט זיך, הערט מען װי אויף דער אַרענע קנאַקט דער בייטש און סישרייט דער באַרייטער. אַ װײַלע איז די בינע ליידיג, נאָכדעם באַװייזען זיך צוויי מוזיקאַלישע קלאָאונען, טילי און פּאָלי, װעלכע שטודירען אַ נייעם מאַרש. שפּילענדיג אויף קליינע פּײַפּעלאַך, גייען זיי פון דער פינצטערער טיר צום פענצטער; די קלאַאונען זיינען אָנגעטאָן, נאָר קורצע, און פונקט אַזוי קורץ און קלאָאוניש אָנגעבלאָזען זיינען זייערע שריט. אָנגעטאָן זיינען זיי אין מאַרינאַרקעס, ענליך איינער צום אַנדערן מיט די ראַזירטע פּנימער און מיט זייער װאוקס; ביים יינגערען, טילי, אויפן האַלז איז אַ געשטריקטער שאַל, די הוט אַװעקגערוקט אויף הינטען.

דערגאַנגען ביזן פענצטער, — האָט טילי זיך אַ קרים געטאָן, װאָס הינטערן פענצטער איז — די קלאָאונען קערען זיך אום צוריק, מאַרשירען.

**פּאָלי?** (בלייבט שטיין)

האַלט! װידער פאַלש. האָרך מיך.

שפּילט אַליין אויף דער פּײַפּעלע פאַר טילים פּנים; טילי הערכט צעשטרייט, קראַצענדיג דעם נאָז.

**פּאָלי.**

אָט! נו?

ביידע שפּילען און גייען. אין מיר טרעפען זיי זיך מיטן דירעקטאָר און מאַנטשיני, װעלכער גייט פון הינטען, בייסענדיג דאָס באַנילטע קעפּעל פון שטעקען. גראַף מאַנטשיני איז דאַר, דין, אָפגענוצט פון אויבען ביז אַראָפּ, נאָר פאַרקנעפּעלט און האַלט זיך מיט דער גרעסטער עלעגאַנץ; ער האָט ליב צושפּילען זיך אַריסטאָקראַטיש מיט זיין שטעקען, אָנגעסען פאַרבלענדענדיגע פּאָזעס, אָפט לאַכט ער, און דערביי װערט זיין שאַרפער, דאַרער פּנים פאַרקרימט אין אַ גרימאַסע פון אַ סאַטיר. דער דירעקטאָר — פּאַפּאַ בריקע — איז אַ נישט הויכער, דיקער, רוינער מענטש מיט אַ ביסעל נישט פעסטען הלוך.

די קלאָאונען טרעטען אָפּ דעם וועג; דער דירעקטאָר ניט אַוועק פֿון זײַן פּרעגנענדיק קוק אויפֿן עלטערן.

**פּאָלי.** (ברעכענדיג דעם לשון)

אונזיער מיוזיק מוראַשקען-מאַרש צו דער פּאַנטאָמימע.

**בריקע.**

א!..

נעמען זיך פונאַנדער. די קלאָאונען הויבן אָן שפּילן, נאָר פּאָלי שטעלט זיך אָפּ און נעמט צוריק. הינטער אים דער יינגערער אויך.

**פּאָלי?**

·פּאַפּא בריקע, ושאַק אַרבעט היינט שלעכט.

**בריקע.**

פאַרוואָס?

**פּאָלי.**

אים טוט וויי אין האַלז. גיב אַ קוק, וואָס אים איז.

**בריקע.**

קום אַהער. עפען אָקאָרשט אויף ברייטער, ברייטער! (שטעלט אַוועק דעם קלאָאון פאַרן ליכט, ביים פענצטער און קוקט אים אַנגעלמורעט און האַלז)

באַשמיר מיט יאָד.

**פּאָלי.**

כ׳האָב געזאָגט, ס׳איז גאָרנישט, נו?

שפּילענדיג נעמען זיי אַוועק מיט די זעלביגע קלאָוגע און באַדראַטעגדיגע טריט-לאַך. דער דירעקטאָר זעצט זיך, מאַנטשיני האָט ביי דער וואַנט אָנגענומען אַ פּאָזע און שמייכעלט, ווי מיט חוזק.

**מאַנטשיני.**

דו היילסט זיי אויך? זע, פּאַפּא בריקע, דו האָסט ניט קיין דיפּלאָם.



**בריקע.**

קליינע עצות. זיי זיינען אַלע זייער עמפּינדליך.

**מאַנטשיני.**

ער האָט פּשוט פאַרברענט די האַלז מיט אַבסענט: די ביידע שכורען אַלע נאַכט. פּאַפּאַ בריקע, איך וואונדער זיך אויף דיר, דו פאַרהיטסט דאָ ווייניג די גוטע מדות. (לאַכט).

**בריקע.**

דו האָסט מיר דערעסען, מאַנטשיני.

**מאַנטשיני.**

גראַף מאַנטשיני איז צו אייער דינסט.

**בריקע.**

דו האָסט מיר דערעסען, גראַף מאַנטשיני, אומעטום קריכסטו און שטערסט די אַרטיסטען ארבעטען. זיי וועלען דיר חען עס איז, אָנקלאַפּען די זייטען, און איך וועל זיך ניט אָנגעמען.

**מאַנטשיני.**

ווי אַ מענטש פון אַנ׳אַנדער קרייז און ערציהונג, קאָן איך זיך ניט באַציען צו דיינע אַרטיסטען, ווי זייער גלייכען. וואָס מיינסטו, בריקע? דיר טו איך אויך אַ כבוד, ריידענדיג מיט דיר אַזוי פאַמיליאַריש און גאָר איינפאַך...

**בריקע.**

נו, נו!..

**מאַנטשיני.**

איך לאַך דאָס. נאָר אויב זיי וועט זיך פאַרגלוסטען אָנפאַלען אויף מיר, האָסטו געזעען אָט — דאָס, אַ? (שלעפּט אַרויס פון שטעקען אַ שטילעט, שפּילט זיך מיט אים) אַ נוצליכע זאַך! ווייסט וואָס פאַר אַ מיידעלע אין האָב נעכטען געפּאַקט הינטערן שטאָט? (לאַכט).

נו, נו, דו האָסט עס דאָך נישט ליב, יעדער האָט זיין געשמאַק. אָבער הער אויס — דו דאַרפסט געבען הונדערט פראַנק.

**בריקע.**

נישט איין סאַנטים.

**מאַנטשיני.**

נעם איך קאָנסועללאַן. געעקט!

**בריקע.**

דאָס זאָגסטו אַלע טאָג.

**מאַנטשיני.**

איך זאָג, איך זאָג! דו וואָלסט אויך געזאָגט, אַז דו וואָלסט זיך אַזוי מיאוס גענויטיגט ווי איך. ניין, הער אויס — איך מוז דאָך אָבער אונטערהאַלטען דעם גלאַנץ פון מיין נאָמען, אַ? און אויב די אומגליקען פון מיין שטאַם האָבען געבראַכט דערצו, אַז איך האָב מיין טאָכטער, די גרעפין וועראָניקע, געמוזט מאַכען פאַר אַ רייטערין... צוליב דאָס שטיקעל ברויט! צוליב דאָס שטיקעל ברויט, פאַרשטייסטו עס, גולם!..

**בריקע.**

דו שווענדעסט צופיל אויף מיידלאַך. און דו וועסט אַריינפאַלען אין תפיסה, מאַנטשיני!

**מאַנטשיני.**

אין תפיסה! ניין, זאָבער איך מוז דאָך אונטערהאַלטען דעם גלאַנץ פון מיין שטאַם? (לאַכט) די מאַנטשיני׳ס זיינען אין גאַנץ איטאַליע באַקאַנט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געליבט מיידעלאַך, נאָר מיידעלאַך, — נו, און איך בין דען שולדיג, וואָס מיר קומט אויס צו צאָלען משוגעתדיגע געלטער פאַר דעם, וואָס מיינע אבות פלעגען קריגען גאָר אומזיסט? דו ביסט אַנ׳אייזעל, אַ פאַרוועני, דו פאַרשטייסט נישט וואָס דאָס איז אַזוינס טראַדיציעס פון אַ שטאַם. איך טרינק ניט, כ׳האָב גאָר איינגאַנצען אַוועקגעוואָרפען קאָרטען נאָך יענעם צופאַל... נו, נו, אָן געלעכטערלאך! — און אויב איך וועל זיך נאָך אַנטזאַגען פון מיידעלאַך, וואָס וועט בלייבען פון די מאַנטשיני׳ס? דער בלויזער הערב! נו, הער אויס, נו צוליב די טראַדיציעס — גיב הונדערט פראַנק!

**בריקע.**

איך האָב געזאָגט, איך וועל ניט געבען און וועל ניט געבען.



**מאַנטשיני.**

אָבער אַ גאַנצע העלפט פון געהאַלט גיב איך דאָך אָפּ קאָנסועללאַן. אָדער דו מיינסט, אַז איך ליב נישט מיין קינד, מיין בת־יחידה, וועלכע איז מיר געבליבען אַ לעצטער אָנדענק אָן איר הייליגער מוטער? וואָס פאַר אַ האַרטהאַרציקייט!

מאַכט זיך ווי ער וויינט און ווישט אויס די אויגען מיט אַ שמוציג שפיצענע טיכעל מיט אַ קרוין.

**בריקע.**

זאָג בעסער, אַז זי איז אַזאַ נאַר און גיט דיר אָפּ אַ העלפט געהאַלט. ביסט מיר דערעסען!

ס׳קומט אַריין זינידע, אַ דרעסירערין פון חיות, אַ ברענעדיג שיינע, גוט געבויטע פרוי, מיט רויג באַפעלענדיגע באַוועגונגען, וועלכע ווייזען אויס פון ערשטען בליק ווי פון פוילקייט. זי איז דעם דירעקטאָר בריקעס ניט־געזעצליכע פרוי.

**זינידע.** (צו מאַנטשיני)

גוט מאָרגען!

**מאַנטשיני.**

מאַדאַם זינידע! זאָל דער באַרבאַר, זאָל אָט די געמיינע נשמה מיך מיטן מעסער דורשטעכען, נאָר אַפילו אין זיין געגענוואַרט קאָן איך ניט איינהאַלטען דעם אויסברוך פון מיין ליבע. (שטעלט זיך ווי אַ פאַיאַץ אויף די קני) מאַדאַם, גראַף מאַנטשיני בעט אייך דעם כבוד צו זיין זיין פרוי.

**זינידע** (צו בריקע)

נאָך געלט?

**בריקע.**

יאָ.

זינידע.

גיב נישט.

זעצט זיך מיד אוועק אין ווינקעל פון צעריסענעם דיוואַן און פאַרמאַכט די אויגען. מאַנטשיני שטייט אויף און טרייסעלט אָפּ די קני.

מאַנטשיני.

הערצאָגינע! — זייט ניט אַזוי האַרטהאַרציג. איך בין ניט קיין לייב, ניט קיין טיגער, ניט קיין ווילדע חיה, וועלכע איר זיינט געוואוינט צו דרעסירען, — איך בין פּשוט אַ באַשיידענע היימישע בהמהלע, וואָס וויל... מניאַ, מניאַ — עסען גרינע גרעזלאַך.

זינידע. (נישט עפענענדיג די אויגען)

מיר האָט דזשים געזאָגט, אַז דו האַלסט פאַר קאָנסועללאָן אַ לערער, צו וואָס איז דאָס?

מאַנטשיני.

די זאָרגען פון אַ פאָטער, הערצאָגינע, די זאָרגען און די ניט אויפהערענדיגע דאַגות פון ליבענדיגען האַרצען. די משונהדיגע אומגליקען פון מיין שטאַם, אין וועלכע איך בין אויסגעוואקסען, האָבען אין איר בילדונג איבערגעלאָזט אַ ביסעל לעכער. פריינד מיינע! דעם גראף מאנטשיני׳ס טאָכטער, די גרעפין וועראָניקע, קען קוים דעם אַלף=בית, איז עס דערלאָזבאַר? און דו, בריקע, דו געמיינע נשמה, פרעגסט, צו וואָס איר דאַרף געלט!

זינידע.

ער דרייט.

בריקע.

וואָס לערנסטו איר?

מאַנטשיני.

אַלץ. צו איר פלעגט קומען אַ סטודענט, נאָר איך האָב אים נעכטען אַרויסגעטריבען: האָט זיך פאַרליבט אין קאָנסועללאָן און געמיאַאוקעט הינטערן טיר ווי אַ קאָטער. אַלץ, בריקע, וואָס



דו קענסט ניט. ליטעראטור, מיטאָלאָגיע, אָרטאָגראַפיע...

ס׳קומען אַריין צוויי יונגינקע אַרטיסטינס, אין פוטערלאַך איבער די ליכטיגע קאָסטיומען און זעצען זיך מיד אוועק איינע נעבען אַנדערע אין ווינקעל.

מאַנטשיני.

איך וויל ניט, אַז מיין טאָכטער...

זינידע.

ער דרייט.

בריקע.

ביסט אַ נאַר, מאַנטשיני! צו וואָס טוסטו עס? (מוסרנדיג) ביסט שרעקליך נאַריש, מאַנטשיני, צו וואָס דאַרף זי די קענטעניש? קוים איז זי דאָ, דאַרף זי גאָרנישט וויסען וועגען יענץ, פאַרשטייסט? וואָס איז אַזוינס געאָגראַפיע? דיר וועט יעדער איינציגער זאָגען, אז ס׳איז גאָרנישט. און איך וואָלט געווען צוויי מאָל גליקליכער, ווען איך קען ניט קיין געאָגראַפיע. אז איך וואָלט געווען אַ מיניסטער, וואָלט איך אינגאנצען פאַרווערט אַרטיסטען צו לייענען ביכער: זאָלען זיי לייענען אַפישען און מער גאָרנישט!...

בעת בריקעס דרשה קומען אַריין ביידע קלאָאונען און נאָך עפּיס אַ־אַרטיסט; זיי זעצען זיך שטיל און מיד פונאַנאַנדער.

בריקע

איצטער איז דיין קאָנסועללאָ אַנ׳אויסגעצייכענטע אַרטיסטין, און אַז דו וועסט איר אויסלערנען מיטאָלאָגיע, און זי וועט אָנהויבען לייענען, וועט זי ווערען אַ טינוף אַ צולאָזען מיידעל, און וועט זיך דערנאָך פאַר׳סמ׳ען. איך קען זייערע ביכער, כ׳האָב אַליין געלייענט, זיי לערנען נישט מער ווי זיין צולאָזען, און ווי זיך נאָך דעם אַ מיתה אָנטאָן.

ע ר ש ט ע  אַ ר ט י ס ט י ן.

און איך האָב ליב די ראָמאַנען, וואָס אין די צייטונגען.

ב ר י ק ע.

ביסטו אַ נאַר, ועסטו פֿאַרפֿאַלען גיין. גלויבט מיר, פֿריינד מיינע: וועגען דעם, וואָס איז דאָרטען, דאַרפֿען מיר אַלע פֿארגעסען. קענען מיר ווען עס איז פֿאַרשטיין, וואָס דאָרט טוט זיך?

מ אַ נ ט ש י נ י.

דו ביסט אַ פֿיינט פֿון בילדונג! אַנ'אַבסקוראנט ביסטו, בריקע!

ב ר י ק ע.

און דו ביסט אַ נאַר! לאָמיר דיך פֿרעגען, דו ביסט פֿון דאָרטען: וואָס האָסטו זיך דאָרטען אויסגעלערנט?

די אַרטיסטען לאַכען.

ב ר י ק ע

וואָלסטו אָבער געבאָרען געוואָרען אין צירק, ווי איך, וואָלסטו עפּיס געקענט. בילדונג איז נאַרישקייטען און מער גאָרניש. פֿרעג זינידען, זי קען אַלץ, וואָס מען קען דאָרטען, סיי געאָגראַפֿיע, סיי מיטאָלאָגיע, איז זי פֿון דעם געוואָרען גליקליכער? זאָג זיי, טייערע.

ז י נ י ד ע.

לאָז מיך צורו. לוזי!

מ אַ נ ט ש י נ י. (מיט כּעס)

גיי צום טייוועל—ענדליך, אַז איך האָרך דיין פֿילאָזאָפֿיע פֿון אַנ'אייזעל, ווילט זיך מיר פֿון דיר אַראָפּשניידען ניט קיין הונדערט פֿראַנק, נאָר צוויי הונדערט טויזענט! גאָט מיינער, וואָס פֿאַר אַנ'אייזעל, הגם אַ דירעקטאָר! אָט זאָג איך זיי אין די אויגען: ווייניג צאָלסטו קמצן, דו דאַרפֿסט דערלייגען קאָנסועללאָן הונדערט פֿראַנק. הערט ערליכע בעטלער: ווער זאַמעלט אָן יעדען אָוענט אַ פֿולען צירק? איר, צוויי מו=



זיקאַלישע אייזלען? די טיגערס, די לייבען? נויטיג דאַרף ווער האָבען די הונגעריגע קעץ...

ז י נ י ד ע.

לאָז די טיגערס צורו.

מ אַ נ ט ש י נ י.

אַנטשולדיג, זינידע, איך וויל דיך נישט באַליידיגען — איך שווער מיט מיין עהרע, כ'בין אַליין אנטציקט פֿון דיין ווילדער דרייסטקייט און גראַציע, איך קוש דיינע הענטלאַך, העלדין, אָבער וואָס פֿאַרשטייען זיי אין העלדישקייט?

אויף דער אַרענע שפּילט אַ נישט גרויסער אָרקעסטער טאַנגאָ.

מ אַ נ ט ש י נ י. (אנטציקט)

הערט, הערט... נו, זאָגט, ערליכע בעטלער: ניט קאָנסועללאָ מיט בעזאַנאָ זאַמלען אויף דעם עולם? זייער טאַנגאָ אויף די פֿערד... דאָס איז דאָך... דאָס איז דאָך! צום טייוועל, דאָ וועט ניט אויסהאַלטען זיין הייליגטום אַליין, דער פּויבסט!

פּ א ל י.

ס'איז אמת. אַ נומער, אַ באַרימטער. אָבער די אידעע געהערט דאָך בעזאַנאָן.

מ אַ נ ט ש י נ י.

די אידעע, די אידעע! דאָס יינגעל איז פֿאַרליבט ווי אַ קאָטער, דאָס איז זיין גאַנצע אידעע. און וואָס איז אזוינס אַן אידעע אָן אַ פּראָיעקציאָנציר? אַ סך וועסט מיט דיין אידעע זיך אָנטאַנצען. איז על-כּן, פּאַפּאַ בריקע?

ב ר י ק ע.

אַ קאָנטראַקט.

מ אַ נ ט ש י נ י.

וואָס פֿאַר אַ נידערטרעכטיגער פֿאָרמאַליזמוס!

**זינידע.**
גיב דעם גראף צען פראנק, און זאל ער זיך אפטראגן.
**מאנטשיני.**
צען? אויף קיין אופן ניט! פופצען! נו, ניט עקשן זיך, פאפא, נו, צוליב די טראדיציעס פון שטאט — צוואנציג, א? איך שווער ביי מיין עהרע, כ'קאן ניט ווייניגער.

בריקע גיט 20 פראנק.

**מאנטשיני.** (קאלט)
מערסי.
**זינידע.**
נעם ביי דיין באראן.
**מאנטשיני.** (אויפהויבענדיג די ברעמען, מיט א נאבעלען כעס)
ביים באראן? פאר וועמען האלסטו מיך, פראוויענצימער? איך זאל לייען ביי א זייטיגען מענטשען, וועלכער...
**זינידע.**
דו דרייסט עפיס, דו דרייסט עפיס מורא'דיג, איך קען דיר נאך ווייניג, נאר דו ביסט, משמעות, א שרעקליכער אשווסט.
**מאנטשיני.** (לאכענדיג)
א באליידיגונג פון פרעכטיגע ליפען.

ס'קומט אריין אנ'ארטיסט, נאכן אויסזען — אנ'אטלעט.

**אטלעט.**
פאפא בריקע, דיך פרעגט עפיס א הער פון יענער וועלט.
**בריקע.**
א גייסט?
**אטלעט.**
ניין, אזוי ווי א לעבעדיגער. האסטו געזעען, אז גייסטער זאלען זיין שכור?



**בריקע.**
אויב ער איז שכור, אנטזאג אים, טאמאס. ער פרעגט געמליך, מיך אדער דעם גראף?
**אטלעט.**
דיך. אפשר איז ער ניט שכור, פשוט א גייסט.
**מאנטשיני.** (זיך צורעכטמאכענדיג)
א מענטש פון געזעלשאפט?
**אטלעט.**
יא. איך וועל אים אריינרופען, פאפא בריקע, און כ'גיי אוועק צום ווידערזען.

אויף דער ארענע קנאקט א בייטש, געשרייען; די קלאנגען פון טאנגא ווערען באלד פארשטילט, באלד הערען זיי זיך נאענט הויך. דא שווייגט מען.

**בריקע.** (זיך צערירענדיג און זיגידעס האנד־
מיד?
**זינידע.** (אפפירענדיג זיין האנט)
ניין.
**פאלי.**
דיין געלער לייב איז היינט אומרויג, זינידע.
**זינידע.**
אומזיסט רייצטו אים.
**פאלי.**
כ'האב אים געשפילט פון „טראוויאטא" און ער האט מיר זייער אונטערגעזונגען. אפשר וואלטען מיר אויסגעשטעלט דעם נומער, פאפא בריקע?

טאמאס פירט אריין א הער און ווייזט אן מיטן פינגער: דארטען איז דער דירעקטאר. אליין גייט ער אוועק, זיך שווער שאקלענדיג. דער הער — איז א מענטש ניט פון ערשטער יוגענט, מיט א מיאוסען, נאר לעבעדיגען, דרייסטען

און אַ ביסעל מאָדנעם פּנים; טראָגט אַ טײַער פּאַלטאָ־ראָק מיט אַ פוטער־קראַ־
נען, דעם הוט האַלט ער אין האַנט. הענטשקעס.

**דער הער.** (זיך נויגענדיג און שמייכלענדיג)

כ'האָב דאָס פאַרגעניגען צו זען דעם הערן דירעקטאָר?

**בריקע.**

יאָ זעצט זיך. גיב אַ שטול, טילי.

**דער הער.**

אָ, ניט באַאומרויִגט זיך. (קוקט זיך ארום) דאָס זײַנען אײַערע
אַרטיסטען? זייער אַנגענעם.

**מאנטשיני.** (זיך פארריכטענדיג און לײַבט פארבויגענדיג [...] קאָפּ)

גראַף מאַנטשיני.

**דער הער** (פאַרוואונדערט)

אַ גראַף?

**בריקע.** (אומבאַשטימט)

יאָ, א גראַף... און מיט וועמען האָב איך די עהרע?

**דער הער.**

כ'ווייס נאָך אַליין ניט. איר אַלע קלײַבט זיך דאָך אויס נעמען.
יאָ? אָבער איך האָב נאָך ניט אויסגעקליבען, איר וועט מיר
שפּעטער אַנ'עצה געבען. כ'האָב שוין עפּיס צוגעטראַכט, נאָר
ס'קומט אַלץ אַרויס. ווייסט איר, צו... ליטעראַריש.

**בריקע.**

ליטעראַריש?

**דער הער.**

יאָ, ס'פּילט זיך אויסגעטראַכטקייט.

מען קוקט אויף אים מיט פאַרוואונדערונג.

**דער הער.**

מיר שײַנט, אַז די צוויי הערען זײַנען קלאָאונען. כ'בין אַזוי
צופרידען... ערלויבט מיר דריקען אײַער האַנט.





שטעלט זיך און דריקט מיט אַן אָנגענעמען שמייכעל די הענט בײַ די קלאָ־
אונען. יענע מאַכען אַ אידיאָטישען פּנים.

**בריקע.**

אָבער ערלויבט... מיט וואָס אייגענטליך קען איך דינען?

**דער הער.** (רק מיט דעם אנגענעמען און צופרידענעם שמייכעל)

ניט איר דינען, נאָר איך דינען. איך וויל בײַ אײַך דינען, פּאָ־
פּאַ בריקע.

**בריקע.**

פּאַפּאַ בריקע?.. אָבער איר זעט גאָר ניט ענליך.

**דער הער.** (באַרויִגענדיג)

עס וועט אַריבער. כ'וועל זײַן ענליך. אָט די הערען האָבען
ערשט געמאַכט אַ מערקווירדיגען פּנים... איר ווילט, כ'וועל אײַ־
בערחזרן? אָט!

מאַכט אַ אידיאָטישען פּנים, פּינקטליך נאָכקרימענדיג די קלאָאונען.

**בריקע.**

יאָ. (ניט ווילענדיג) זײַט איר ניט שכור, גנעדיגער הער?

**דער הער.**

ניין. איך טרינק איבערהויפּט ניט. בין איך דען ענליך אויף אַ
שכורן?

**פּאָלי.**

פאַראַן אַ קנאַפּ.

**דער הער.**

ניין, איך טרינק ניט, דאָס איז פּשוט א פּרט... פון מײַן טאַלענט.

**בריקע.**

וואו האָסטו פריער געדינט? א זשאָנגלער?

**דער הער.**

ניין, נאָר איך בין צופרידען, וואָס דו האָסט אין מיר דערפילט

אַ חבֿר, פּאַפּאַ בריקע. צום באַדויערן, בין איך ניט קיין זשאָנגלער און... כ'האָב ערגעץ ניט געדינט. כ'בין סתּם אַזוי מאַנטשיני.

איר זעט אָבער אויס ווי אַ מענטש פֿון געזעלשאַפֿט.

דער הער.

אַ, ס'איז חניפֿה, גראַף! כ'בין סתּם אַזוי.

בריקע.

וואָס זשע איז דײַן... אײַער כּוונה? כ'מוז זאָגן, אַז בײַ מיר איז אַלץ פֿאַרנומען.

דער הער.

ניט וויכטיק. כ'וועל זײַן אַ קלאָון, אויב איר וועט ערלויבן.

אײניגע שמייכלען. בריקע הויבט אָן כּעסן

בריקע.

וואָס=זשע קענסטו? דו ווייסט, דיר האָט זיך פֿיל פֿאַרגלוסט, נו, וואָס קענסטו?

דער הער.

גאָרניט. איז עס ניט צום לאַכן: גאָרניט קענען?

בריקע.

גאָרניט. ס'איז ניט צום לאַכן. דער ערשטער ליידיג=גייער קען אויך אַזוי פֿיל.

דער הער. (קוקט זיך הילפֿלאָז, נאָר רק שמייכלענדיג אום)

מען קאָן עפּעס אויסטראַכטען.

בריקע. (מיט איראָניע)

ליטעראַרישעס.

ס'קומט שטיל אַרײַן דער קלאָון מיסטער דזשעקסאָן און שטעלט זיך, אַניאַנ. באַמערקטער, אַנידער הינטער דעם הערן.



דער הער.

יאָ, מ'קאָן אויך ליטעראַרישעס, וואָס, אַ שטייגער, ווערט איר זאָגען מכּה אַ קורצער נאָר אַ גוטער דרשה... נו, אויף אַ רעליגיעזע טעמע? אַזוי, אַ קלײנער וכּוח צווישן קלאָאונען.

בריקע.

אַ וכּוח? טראָג זיך ווײַטער, מײַן ליבער, דאָ איז ניט קיין אַקאַדעמיע.

דער הער. (מיט פֿאַרדראָס)

אַ שאָד!.. וואָס ניט איז אַזוינס... אַ לײַכטען שפּאַס וועגן בריאת העולם, אָדער וועגן זײַן פֿאַרוואַלטונג.

בריקע.

און דער קאָמיסאַר? ס'טויג ניט.

דזשעקסאָן.

וועגן דער וועלט=פֿאַרוואַלטונג? זי געפֿעלט דיר? מיר — אויך.. ווײַז דײַן האַנט.

בריקע. (מאַכט באַקאַנט)

אונזער ערשטער קלאָאון, דער באַרימטער דזשעקסאָן.

דער הער. (אין אַנטציקונג)

מײַן גאָט! דאָס זײַנט איר? ערלויבט הייס צו דריקען אײַער האַנט, איר האָט מיר אַזוי פֿיל גליק פֿאַרשאַפֿט מיט אײַער געניאַלען...

דזשעקסאָן.

זייער דערפֿרייט.

בריקע. (קוועטשט מיט די פּלייצעס)

ווילט זײַן אַ קלאָאון. גיב אַ קוק. דזשים.

אויף דזשעקסאָנס צייכען נעמט דער הער נעשווינדט אַראָפּ דעם פּאַלטאָ און גיט אַ וואָרף אויף אַ שטול. פֿאַרטיג צום באַקוקען. דזשעקסאָן באַקוקט אים, קריטיש אומדרייענדיג.

דזשעקסאָן.

אַ קלאָאון, הם... דרייט זיך אום... הם... פֿאַר אַ קלאָאון... יאָ..

גיט אַ שמייכעל, ברייטער, ברייטער! דאָס איז אַ שמייכעל! אַזוי. פעיִקייטען, אייגענטליך, זיינען פאַראַן, אָבער צו אַ פולער אַנטוויקלונג... (מיט פאַרדראָס) קאָנסט, אודאי, קיין סאַלטאָ מאָרטאַלע אויך ניט?

דער הער. (זיפצענדיג)

ניין.

דזשעקסאָן.

און ווי אַלט ביסטו?

דער הער.

ניין און דרייסיג. שפּעט?

דזשעקסאָן גייט פּטפּעדיג אָב.

בריקע.

מיר דאַרפען אייער דינסט ניט, גנעדיגער הער.

מען שווייגט.

זינידע. (שטיל)

נעם אים.

בריקע. (מיט כעס)

אָבער, צום טייוועל, וואָס וועל איך מיט אים טאָן, אז ער קען גאָרניט. ער איז פּשוט שכור!

דער הער.

עהרען וואָרט, איך בין ניט שכור. איך דאַנק אייך פאַר שטיצע, גנעדיגע פרוי... זייט איר ניט די באַרימטע לייבען דרעסירערין זינידע, וועמעס קעניגליכע און שיינקייט דרייסטקייט...

זינידע.

יאָ. נאָר איך האָב ניט ליב, אז מען חנפעט מיר.



דער הער.

ס'איז ניט קיין חניפה!

מאַנטשינ.

דו ביסט איינפאַך ניט געוואוינט צו מענטשען פון אַ געזעלשאַפט, מיין זעלע. חניפה! דער הער דריקט ערנסט און אין שיינע ווערטער אויס זיין אַנטציקונג, און דו... ס'איז אומערצויגען, זינידע... וואָס אָנבעלאַנגט אָן מיר...

ס'קומען אַריין קאָנסועללאָ און בעזאַנאָ אין קאָסטיומען.

קאָנסועללאָ.

ביסט דאָ, פאָטער?

מאַנטשינ.

יאָ, מיין קינד, ביסטו ניט מיד? (קושט זי אין שטערען) מיין טאָכטער, גנעדיגער הער, גרעפין וועראָניקע, אויף דער בינע, די באַרימטע קאָנסועללאָ, די קעניגין פון טאַנגאָ אויף די פערד... באַווילִיגט צו זען?

דער הער. (זיך נויגענדיג)

איך בין געווען אַנטציקט... וואונדערבאַר!

מאַנטשינ.

יאָ. דאָס זיינען אַלע מודה. און ווי געפעלט אייך דער נאָמען? Consuelo! כ'האָב עס גענומען אין אַ ראָמאַן פון פרוי זשאָרזש זאַנד, עס הייסט — „טרייסט“

דער הער.

וואָס פאַר אַ גלענצענדיגע באַלעזענקייט!

מאַנטשינ.

אָ, קלייניקייטען! נישט קוקענדיג אויף אייער עקסצענטרישען פאַרלאַנג, גנעדיגער הער, זע איך, אַז איר זייט אַ מענטש פון מיין קרייז, און כ'מוז אייך זאָגען, אַז נאָר די בייזע אומגליקען פון אוראַלטען שטאַם... מיין הער, Sic transit gloria mundi.

**קאַנסועללאָ.**

דערעסען, פֿאָטער. וואו איז דאָס טיכעל, אַלפרעד?

**בעזאַנאָ.**

נאַ נעם.

**קאַנסועללאָ.** (צום הערן)

אַנ׳עכט װענעציאַנישעס — ס׳געפֿעלט אײַך?

**דער הער.** (זיך װידער נײגענדיג צו קאַנסועללא)

מײַנע אויגען זײַנען פֿאַרבלענדט. אַזאַ שײנקײַט! נײַן, פּאַפּאַ בריקע, װאָס מער איך קוק, אַלץ מער װיל איך פֿאַרבלײַבען מיט אײַך. (מאַכט א טעמפּען פּנים פֿון א תּם) פֿון אײן זײַט — אַ גראַף, פֿון אַנדערן...

**דזשעקסאן.** (איז װאויל מסכּים)

דאָס איז נישט שלעכט. הער אויס, גיב אַ טרײסעל מיטן מאַרך. טראַכט אויס: װער קענסטו זײַן. דאָ טראַכט יעדערער פֿאַר זיך.

מען שװײַגט. דער הער טראַכט, צולײגענדיג דעם פינגער צום שטערן.

**דער הער.**

אויסטראַכטען, אויסטראַכטען... עאוריקאַ.

**פּאָלי.**

דאָס הײסט: געפונען. נו?

**דער הער.**

עאוריקאַ! איך װעל זײַן בײַ אײַך דער, װעלכער קריגט די פּעטש.

אַנ׳אַלגעמײנער געלעכטער, אַפילו בריקע האָט אַ שמײכעל געטאָן.

**דער הער.** (קוקענדיג אויף אַלעמען און שמײכלענדיג)

זעט איר, איר האָט זיך אויסגעלאַכט? איז עס לײַכט?

אַלע װערען ערנסט. דער קלאָון טילי זיפּצט.



**טילי.**

יאָ. ס׳איז ניט לײַכט. דו האָסט געלאַכט, פּאָלי?

**פּאָלי.**

איך האָב זײער געלאַכט און דו?

**טילי.**

איך אויך.

שפּילט אויף די ליפּען, נאָכמאַכענדיג אינסטרומענטען, אַ אומעטיג-פרײליכען מאָטיװעל

**דזשעקסאָן.**

דער, װעלכער קריגט די פּעטש? דאָס איז נישט שלעכט.

**דער הער.**

ניט אמת? מיר געפֿעלט עס אַלײן זײער. דאָס שטימט אין גאַנצען מיט די פּרטים פֿון מײַן טאַלענט. װײסט איר, חברים: איך האָב פֿאַר זיך אַ נאָמען אויך געפונען. כ׳װעל זיך רופֿען דער. גוט?

**דזשעקסאָן.** (באטראַכטענדיג)

דער? ניט שלעכט.

**קאַנסועללאָ.** (צװיננערנדיג)

װי קאָמיש ער איז! דער — װי אַ הונט. פֿאָטער, ס׳זײַנען דאָ אַזעלכע הינט?

אומגעריכט דערלאַנגט דזשעקסאָן אַ קינסטליכען פּאַטש דעם הער. דער טרײסעלט זיך אויף און װערט בלאַס.

**דער הער.**

װאָס?!

אַנ׳אַלגעמײנער געלעכטער באַדעקט זײַנע װערטער.

**דזשעקסאָן.**
דער, וועלכער קריגט אַלע פּעטש! אָבער דו'סט ניט געקראָגן!
**פּאָלי.** (ברעלנדיג דעם לשון)
ער זאָגט: אים איז ווייניג.

דער הער שמייכעלט, רייבענדיג די באַק.

**דער הער.**
אַזאַ אומגעריכטקייט און גיכער איבערגאַנג צו דער זאַך-
אָבער מאָדנע: דוס'ט מיר קיין קלאַפּ ניט געטאָן, און די באַק
ברענט!

ווידער אַ געלעכטער. די קלאָאונען שרייען ווי קאַטשקעס, הענער, בילען און
קוויטשען. זינידע האָט עפּיס געזאָגט צו בריקע און גייט אַרויס, געבענדיג אַ
קוק אויף בעזאַנאָ. מאַנטשיני נעמט אָן אַ פּאָזע פון אַ מענטשען, וואָס לאַנגווייל
לינט זיך און קוקט אויפן זייגער. ביידע אַרטיסטינס גייען אַרויס.

**דזשעקסאָן.**
נעם אים, פּאַפּאַ בריקע, ער וועט אונז באַוועגען.
**מאַנטשיני.** (קוקענדיג אויפן זייגער)
אָבער נעמט אין אַכט, אַז פּאַפּאַ בריקע איז קאַרג, ווי אַ האַר=
פּאַגאָן און אויב איר רעכענט פּאַרריכטען אייערע געשעפטען,
וועט איר האָבען אַ ביטערן טעות. (לאַכט) אַ פּאַטש, וואָס איז
אַזוינס אַ פּאַטש? דאָ איז עס קלייניגקייט, אָנדערטהאַלבען פראַנק
אַ טוץ. קערט זיך אום אין געזעלשאַפט, דאַרטען וועט איר מער
פאַרדינען. מיין פריינד, מאַרקיז דזשוסטי, האָט פאַר איין
פּאַטש — שטעלט זיך פאָר! — פאַר איין קליינעם פּאַטש, באַקו-
מען 50 טויזענט לירען.
**בריקע.**
שטער ניט, מאַנטשיני, דו וועסט זיך מיט אים פאַרנעמען דזשעקסאָן?



**דזשעקסאָן.**
איך קאָן.
**פּאָלי.**
און מיוזיק האָסטו ליב? אַ סטייגער א בעטהאָווען=סאָנאַטע אויפן
בעזים, אָדער מאָצאַרט אויף פלעשלאַך?
**דער.**
ווי — ניין! אָבער איך וועל זיין גרעניצלאָז דאַנקבאַר, אויב
איר וועט מיך אויסלערנען. אַ קלאָאון! דאָס איז געווען מיין
חלום פון קינדווייז. בעת מיינע שול=חברים פלעגען זיך פאַר=
טיפען — איינע מיט פּלוטאַרכס העלדען, אַנדערע מיט דעם
ליכט פון וויסענשאַפט — פלעג איך טרוימען וועגען אַ קלאָאון.
בעטהאָווען אויף אַ בעזים! מאָצאַרט אויף פלעשלאַך! ס'איז גראָד
דאָס, וואָס איך האָב מיין גאַנצען לעבען געזוכט. און אַ קאָסט=
יום? אָ מיינע פריינד, איך דאַרף וואָס גיכער האָבען אַ קאָסטיום.
**דזשעקסאָן.**
קענטיג, אַז דו פאַרשטייסט גאָרנים. א קאָסטיום — דאָס דאַרף
מען, פאַרשטייסטו (לייגט צו דעם פינגער צום שטערן) זייער לאַנג
טראַכטען. האָסט געזען ביי מיר די זון אויף דעם אָרט
(פראסקעט דיך פון הינטען) כ'האָב דאָס געזוכט צוויי יאָר!
**דער** (אנטציקט)
כ'וועל זוכען!
**מאַנטשיני.**
נו, אונז איז צייט. קאָנסועללאָ, מיין קינד, דו דאַרפסט זיך
אָנטאָן. (צו דערן) מיר פרישטיקען ביי באַראָן רעניאַר — מיינער
א פריינד, אַ באַנקיר.
**קאָנסועללאָ.**
איך וועל ניט פאָרען, פּאָטער. אַלפרעד האָט געזאָגט, אז איך
האָב נאָך היינט וואָס צו טאָן.
**מאַנטשיני.** (אין אימה אויפהויבנדיג די הענט)
אָבער, קינד מיינס, אין וואָס פאַר אַ לאַגע שטעלסטו מיך? איך

האָב צוגעזאָגט דעם באַראָן. דער באַראָן וועט אויף אונז וואַר=סען... ניין, ס'איז אוממעגליך. איך האָב זיך גאָר פאַרשוויצט.

**קאָנסועללאַ.**

אַלפרעד זאָגט...

**בעזאַנאָ.** (טרוקען)

זי האָט וואָס צו טאָן. האָסט זיך אָפּגערוט? קום.

**מאַנטשיני.**

אָבער ס'איז דאָך — דער טייוועל ווייס וואָס! הער אויס, דו, בעזאַנאָ, זשאָקיי, ביסט פון זינען אַראָפּ? איך האָב דיר ערלויבט צוליב קונסט אַ ביסעל פאַרנעמען זיך מיט מיין טאָכטער... אָבער...

**קאָנסועללאַ.**

לאָז צורו, פאָטער, וואָס פאַר אַ נאַרעלע דו ביסט. מיר מוזען דאָך אַרבעטען. פרישטיק אַליין מיט דיין באַראָן. אַך, פאָטער, דו האָסט ווידער נישט גענומען קיין זויבער נאָז=טיכעל? כ'האָב דאָך דיר נעכטען אויסגעוואַשען צוויי טיכלאַך. וואו האָסטו זיי אַהינגעטאָן?

**מאַנטשיני.** (ווערנדיג רויט פון חרפה)

מיין וועש וואַשט מיר די וועשערין, און דו שפּילסט נאָך אין ליאַלקעס, קאָנסועללאַ. ס'איז נאַריש! דו פּלוידערסט, ניט טראַכ=טענדיג, און די הערען קאָנען מיינען גאָט ווייסט וואָס. נאַריש! כ'גיי אַוועק.

**קאָנסועללאַ.**

ווילסט, איך וועל אים אָנשרייבען אַ צעטעלע?

**מאַנטשיני.** (בייז)

אַ צעטעלע! פון דיינע צעטעלאך וועט זיך אַ פערד צעלאַכען צום ווידערזען!

גייט אַוועק. שפּילענדיג אין כעס מיטן שטעקען. מיט אכטונג גייען אים נאָך



די מוזיקאַלישע קלאָאונען, שפּילענדיג אַ קבורה-מאַרש. דער און דזשעקסאָן לאַכען. ביסלעכווייז גייען זיך די אַרטיסטען פונאַנדער.

**קאָנסועללאַ.** (לאַכענדיג)

אַזוי שלעכט שרייב איך? און מיר איז עס אַזוי אנגענעם: שרייבען צעטעלאַך. דיר איז געפעלען מיין בריוו, אַלפרעד אָדער דו האָסט אויך געלאַכט?

**בעזאַנאַ.** (ווערענדיג רויט)

ניין. איך האָב ניט געלאַכט. קום, קאָנסועללאַ.

ביידע גייען אַרויס. טרעפען זיך אין טיר מיט זינידען.

**זינידע.**

ווילסט נאָך אַרבעטען, בעזאַנאָ?

**בעזאַנאָ.** (העפליך)

יאָ. היינט איז עפּיס אַ שלעכטער טאָג. און וואָס מאַכען דיינע לייבען, זינידע? מיר דוכט, אויף זיי ווירקט דאָס וועטער.

קאָנסועללאַס קול: אַלפרעד!

**זינידע.**

יאָ, מען רופט דיך, גיי. (אַלפרעד גייט אוועק). נו, וואָס, געענדיגט? **דער.**

מיר ענדיגען.

**דזשעקסאָן.** (זיך זעגענענדיג)

ביז אָוונט. טראַכט וועגען קאָסטיום, דער. איך וועל אויך אַ טראַכט טאָן. און מאָרגען קום אַהער ביז צען. פאַרשפּעטיג ניט, אַז ניט וועסטו קריגען אַ איבריגען פּאַטש. איך וועל זיך מיט דיר פאַרנעמען.

**דער.**

איך וועל ניט פאַרשפּעטיגען. (קוקט אים נאָך) מסתּמא זייער אַ גוטער מענטש. וואָס פאַר אַ וואוילע מענטשען ס׳זיינען ארום אייך, פּאַפּאַ בריקע. און דער שיינער זשאַקיי איז אודאי פאַרליבט אין קאָנסועללאָן, ניט אמת? (לאַכט)

**זינידע.**

וואָס גייט עס דיר אָן? פאַרן אָנהויב רוקסטו צופיל דעם נאָז. וויפיל וויל ער, פּאַפּאַ?

**בריקע.**

וואַרט אויף. הער אויס, דער, קיין קאָנטראַקט מיט דיר שליסען וועל איך ניט...

**דער.**

אַ, פאַרשטייט זיך, כ׳בעט אייך, ווי איר ווילט. ווייסט איר וואָס? מיר וועלען איצטער מכּח געלט אויך ניט ריידען. דו ביסט אַן אָרענטליכער יונג, בריקע, דו וועסט אַליין זען מיין אַרבעט און דאַמאָלט...

**בריקע.** (מיט הנאה)

דאָס איז זייער אָרענטליך פון דיין זייט. אין אמתן קאָן ער דאָך גאָר ניט, זינידע?

**זינידע.**

אויב ער וויל אַזוי. מ׳דאַרף פאַרשרייבען. וויַיז דאָס בוך.

**בריקע.**

נעם. (צו דערן) כ׳האָב ניט ליב צו שרייבען. מיר פאַרשרייבען דאָ אַרטיסטען, ווייסטו, פאַר פּאָליציי. ס׳קאָן ווער עס איז גע-שעדיגט ווערען, אָדער...

פון אַרענע הערען זיך ווידער די קלאַנגען פון טאַנגאָ און געשרייען.

**זינידע.**

ווי איז דיין נאָמען?



**דער.** (שמייכלענדיג)

דער. כ׳האָב שוין אויסגעקליבען. אָדער ס׳געפעלט אייך ניט?

**בריקע.**

ס׳געפעלט. אָבער מיר דאַרפען האָבען דיין אמתן נאָמען. אַ פּאַספּאָרט האָסטו?

**דער.** (זיך פאַרשטערנדיג)

אַ פּאַספּאָרט? אָבער קיין פּאַספּאָרט האָב איך ניט. ריכטיגער, כ׳האָב יאָ עפּיס אויינס, נאָר כ׳האָב ניט געמיינט, אַז ביי אייך איז אַזוי שטרייננג. צו וואָס איז עס?

זינידע און בריקע קוקען זיך שווייגענדיג אָן; זינידע רוקט אָפּ דאָס בוך.

**זינידע.**

אויב אַזוי קענען מיר דיך ניט נעמען. מען קאָן זיך דאָ איבער דיר ניט קריגען מיט פּאָליציי.

**בריקע.**

דאָס איז מיין פרוי, דו ווייסט נאָך ניט. זי איז געערגערט. דיר קאָן אַ פערד אַ קלאַפּ טאָן, אָדער דו קענסט נאָך אַליין עפּיס אויסטראַכטען. ווער ווייס דיך... מיר איז אַלץ איינס. נאָר דאַר-טען, פאַרשטייסטו מיך, באַצייט מען זיך אַנדערש. פאַר מיר אַ מת איז אַ מת, איך פרעג זיך ביי אים וועגען גאָר ניט נאָך און לאָז עס איבער גאָט אָדער דעם שוואַרץ יאָר, אָבער זיי זיינען זייער נייגעריג. אַזוי, משמעות, איז דער סדר, איך ווייס ניט. אַ קאַרטע האָסטו?

דער רייבט פאַרטראַכט דעם שטערן.

**דער.**

וואָס טוט מען? אַ קאַרטע האָב איך. אָבער... (שמייכעלט) איר פאַרשטייט: מיר ווילט זיך שרעקליך ניט, אַז מיין נאָמען זאָל מען וויסען

**בריקע.**

עפּיס אַ היסטאָריע?

**דער.**

יאָ, אין דעם אָרט... און פֿאַר וואָס זאָל מען זיך ניט פֿאָרשטעלען, אַז איך האָב פּשוט ניט קיין נאָמען? האָב איך ניט געקאָנט פֿאַרלירן דעם נאָמען, ווי מען פֿאַרלירט אַ הוט? אָדער מען האָט אים ביי מיר פֿאַרביטען? אַז צו אייך קומט אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער הונט, פֿרעגט איר ביי אים ניט קיין נאָמען, איר גיט אים אַ נײַעם. — לאָמיך אויך זײַן אַזאַ הונט (לאַכט) הונט דער.

**זינידע.**

דו קאָנסט אים זאָגען אונז ביידען. מער וועט זיך קיינער ניט דערוויסען... אויב דיר וועט זיך, נאַטירליך, ניט פֿאַרגלוסטען ברעכֿען דעם קאָפּ.

דער איז פֿאַרטראַכט.

**דער.**

עהרען וואָרט?

זינידע קוועטשט מיט די פּלייצעס.

**בריקע.**

דאָרטען, וואו מענטשען זײַנען ערליך, דאָרטען איז יעדער וואָרט — אַן עהרען וואָרט. קענטיג, אַז דו ביסט פֿון דאָרטען.

**דער.**

נו גוט. נעמט. ניט וואונדערט זיך, כ׳בעט אייך.

ניט איבער זינידען אַ קאַרטעל. יענע קוקט און גיט איבער בריקען. נאָכדעם קוקען ביידע אויף דער.

**בריקע.**

אויב דאָס איז אמת, גנעדיגער הער, און איר ווייסט, דאָס וואָס דאָ איז אויפֿגעשריבען...



**דער.**

אוים געאָטעס ווילען... דאָס איז ניטאָ, דאָס איז שוין לאַנג פֿאַרלאָרען, דאָס איז פּשוט אַ קוויטונג אויף אַן אַלטען הוט. איך בעט אייך, פֿאַרגעסט עס אַזוי ווי איך. איך בין דער, וואָס קריגט די פּעטש, און ווייטער גאָרניט.

ס׳שווייגט.

**בריקע.**

אָבער זייט מיר מוחל, אויב כ׳וועל ביי אייך מיט אַכטונג פֿרעגען: זייט איר ניט שכּור, גנעדיגער הער? ביי אייך אין די אויגען איז דאָ עפּיס אַזוינס...

**דער.**

ניין. איך בין דער, וואָס קריגט די פּעטש. און ווי לאַנג זאָגען מיר זיך „איר“, פּאַפּאַ בריקע? דו באַליידיגסט מיך.

**זינידע.**

מיט איין וואָרט, דאָס איז זײַן זאַך, בריקע. (באַהאַלט דאָס קאַרטעל) אָבער דו ביסט אַ מאָדנער הער, דאָס איז אמת. (שמייכלענדיג) און דו׳סט שוין באַמערקט, אַז בעזאַנאָ איז פֿאַרליבט אין די רייטערין? נו, און איך ליב מײַן בריקע, ס׳איז קענטיג?

**דער.** (אויך שמייכלענדיג)

אָ, יאָ! דו ביסט פֿאַרליבט אין אים.

**זינידע.**

כ׳בין פֿאַרליבט אין אים. גיי זיך מיט אים דורך, בריקע, און באַווייז אים די אַרענע און די שטאַלען, איך וועל עפּיס פֿאַרשרייבען.

**דער.**

יאָ, יאָ, איך בעט עס. איך בין אַזוי גליקליך ענדליך. כ׳בין דאָך אָנגעקומען. ס׳איז אמת — איר לאַכֿט ניט? די אַרענע! דאָס זאַמד פֿון אַרענע. דער רייץ, אין וועלכֿען איך וועל לויפֿען, קריגענדיג די פּעטש!.. יאָ, יאָ, לאָמיר גיין, בריקע. כּל זמן כ׳וועל אונטער מײַנע פֿיס דעם זאַמד ניט פֿילען, וועל איך נאָך אַלץ ניט גלויבען.

**בריקע.**

נו, לאָמיר גיין. (קושט זינידען) קוש.

גייען צום טיר.

**זינידע.**

וואַרט... דער! ענטפֿער מיר אויף איין פֿראַגע. איך האָב אַ משרת, וואָס ראַמט די שטייגען, נו, אַן׳איינפֿאַלער יונג, וועלכען קיינער קען ניט. ער ראַמט די שטייגען, און ווייסטו: ער קומט אַריין צו די לייבען, ווען ער וויל, ער קוקט אַפילו ניט אויף זיי, ער איז דאָרט גאָר ווי אין דער היים. פֿאַר וואָס איז עס? און אים קען קיינער ניט, בעת מיך קענען אַלע, און אַז איך גיי אַריין זיינען אַלע אין אימה, אַ... אַזאַ נאַרישער יונג, דו וועסט אים זען! (לאַכט) נאָר קלויב דו זיך ניט אויס אַריינצוגיין, דער; מיין געלער וועט דיר געבען אַזאַ פּאַטש!...

**בריקע.** (מיט אומצופרידענקייט)

ווידער הויבסטו אָן, זינידע. הער אויף.

**זינידע.** (לאַכענדיג)

יאָ, גייט, גייט. אַך יאָ; שיק מיר בעזאַנאָן, לואי. איך האָב מיט אים חשבונות.

דער מיטן דירעקטאָר גייען אַרויס. זינידע ניט נאָך אַמאָל אַ קוק אויפן קאַר-טעל און באַהאַלט עָס. שטייט אויף און גייט ניך אום איבערן צימער, שטעלט-זיך אָפּ, הערט זיך צו צו די קלאַנגען פֿון טאַנגאָ. די מוזיק רייסט זיך פּלוצ-לונג איבער. ניט רירענדיג זיך, קוקענדיג גלייך אין טונקעלען לאָך פֿון טיר וואַרט זינידע.

**בעזאַנאָ.** (אַריינקומענדיג)

דו׳סט מיך גערופֿען, זינידע? וואָס איז, ריידט גיכער, כ׳האָב נישט קיין צייט.



זינידע קוקט אויף אים שווייגענדיג. ווערענדיג רויט און אומצופרידען, קערט זיך בעזאַנאָ אויך שווייגענדיג אום צום טיר.

**זינידע.**

בעזאַנאָ!

**בעזאַנאָ.** (זיך אָפּשטעלענדיג און נישט אויפהויבענדיג די אויגען)

וואָס דאַרפֿט איר. כ׳האָב ניט קיין צייט.

**זינידע.**

בעזאַנאָ! גאַנצענע טעג הער איך, אַז דו ביסט פֿאַרליבט אין קאָנסועללאָן. ס׳איז אמת?

**בעזאַנאָ.** (קוועטשט מיט די פּלייצעס)

מיר אַרבעטען ביידע צוזאַמען.

**זינידע.** (מאַכענדיג אַ טריט פֿאָראויס)

ניין. זאָג: ס׳איז אמת, דו ליבסט איר, אַלפֿרעד?

בעזאַנאָ ווערט יונגענטליך רויט, נאָר קוקט גלייך אין די אויגען זינידען.

**בעזאַנאָ.** (שטאָלץ)

איך ליב קיינעם ניט. ווי אַזוי קאָן איך וועמען ליבען? איך ליב קיינעם ניט. היינט איז קאָנסועללאָ דאָ, און מאָרגען וועט איר דער פֿאָטער אָפּנעמען. און ווער בין איך? אַן׳אַקראָבאַט, אַ מילאַנער שוסטערס אַ זון... און זי? איך קאָן אַפילו ניט ריידען; איך האָב קיין ווערטער ניט, אַזוי ווי מיין פֿערד. ווער בין איך, אַז איך זאָל ליבען?

**זינידע.**

און מיך ליבסטו... אַ ביסעל?

**בעזאַנאָ.**

ניין. כ׳האָב שוין געזאָגט.

**זינידע.**

אַלץ נאָך ניט? אַפילו אַ ביסעל — ניט?

**ב ע ז אַ נ אָ.** (נאָך אַ װײַלע שװײַגען)
כ'האָב פֿאַר דיר מוראָ.

זינידע װיל עפּיס אַ נעשריי טאָן פֿון כעס, נאָר זי באַהערשט זיך, לאָזט אַראָפּ די אויגען, אַזוי װי זי פֿאַרלעשט זײער גלאַנץ, װערט בלאַס.

**ז י נ י ד ע.**
בין איך אַ פּנים אַזאַ... מוראדיגע?

**ב ע ז אַ נ אָ.**
דו ביסט שײן, װי אַ מלכּה. ביסט כּמעט אַזוי שײן, װי קאָנסועללאָ. נאָר איך האָב ניט ליב דײַנע אויגען. דו הײסט מיר מיט די אויגען, אַז איך זאָל דיר ליבען, און איך קאָן ניט, אַז מ'הײסט מיר. כ'האָב פֿאַר דיר מוראָ.

**ז י נ י ד ע.**
הײס איך דען? נײן, בעזאַנאָ, כ'בעט נאָר.

**ב ע ז אַ נ אָ.**
און פֿאַר װאָס קוקסטו ניט אויף מיר? אָט ביסטו אַרײַנגעפֿאַלען – דו װײסט אַלײן, אַז דײַנע אויגען קאָנען ניט בעטען (לאַכט) דיך האָבען קאַליע געמאַכט דײַנע ליבען.

**ז י נ י ד ע.**
מײן געלער ליבט מיך.

**ב ע ז אַ נ אָ.**
נײן. אויב ער ליבט, פֿאַר װאָס איז ער אַזאַ אומעטיגער?

**ז י נ י ד ע.**
נעכטען האָט ער מיר געלעקט די הענט װיא אַ הונט.

**ב ע ז א נ א.**
און הײַנט זוכט ער דיך אַ גאַנצען פֿרימאָרגען מיט די אויגען, אויפֿצופֿרעסען. און רוקט דורך די מאָרדע און קוקט אַזוי, אַז ער זעט נאָר דיך. ער האָט פֿאַר דיר מורא און האָט דיך



פֿײַנט. אָדער װילסטו, אַז איך זאָל אויך לעקען דיר די האַנט, װי אַ הונט?

**ז י נ י ד ע.**
נײן. איך, איך, אַלפֿרעד, װיל דײַן האַנט קושען. (לײַדענשאַפֿטליך) לאָז מיר אַ קוש טאָן דײַן האַנט.

**ב ע ז אַ נ אָ.** (טרוקען)
דו רעדסט אַזוי, אַז ס'איז אַ חרפּה דיך צו הערען.

**ז י נ י ד ע.** (זיך אײַנהאַלטענדיג)
מען טאָר דאָך אַזוי ניט מאַטערן, װי דו מאַטערסט מיך. אַלפֿרעד, איך ליב דיך! נײן, איך הײס ניט: גיב אַ קוק אין מײַנע אויגען, איך ליב דיך.

זײ שװײַגען. בעזאַנאָ קערט זיך אום צום אויסגאַנג.

**ב ע ז אַ נ אָ.**
אַ גוטען!

**ז י נ י ד ע.**
אַלפֿרעד!...

אין טיר האָט זיך באַװיזען און שטײען געבליבען דער.

**ב ע ז אַ נ אָ.**
און כ'בעט דיר, זאָג קײנמאָל ניט, אַז דו ליבסט מיך. איך װיל ניט, איך װעל אַװעקגײן פֿון דאַנען. און דו זאָגסט אַזוי „איך ליב", װי דו װאָלסט מיך געשלאָגען מיטן בײַטש. װײסט — ס'איז עקעלהאַפֿט!

קערט זיך האַסטיג אום און גײט. בײדע האָבען באַמערקט דער. בעזאַנאָ גײט ברוגזדיג דורך; זינידע קערט זיך מיט אַ עזותדיג גלײַכגילטיגען פּנים אום אויף איר אָרט צום טיש.

אין זעלבינען צימער, אין אָוונט, בעתן ספּעקטאַקל. צייטענוויַז הערט זיך מוזיק, געשרייען, אַ רעש פון אַפּלאָדיסמענטען. די אויבערשטע סענצטערלאַך לויכטען זיך.

אויף דער בינע זיינען צוויי: קאָנסועללאָ און באַראָן רעניאַר. קאָנסועללאָ, אינם קאָסטיום פון רייטערין, זיצט מיט די פיס אויפן דיוואַן; אויף די שולטערן אַ טוך. פאַר איר דער באַראָן רעניאַר, אַ הויכער, לעמטינער הער אין אַ פראַק מיט אַ רויז אין לאַץ. ברייט און נעמיין פונאַנדערשטעלענדיג די פיס, קוקט ער מיט ניט באַוועגליכע אויסגעגלאָצטע אויגען פון אַ שפין אויף קאָנסועללאָן.

באַראָן.

איז עס אמת, אַז אייער פּאַפּאַ... דער גראַף האָט אייך באַקאַנט געמאַכט עפּיס מיט אַ מאַרקיז דזשוסטי, אַ גביר?

קאָנסועללאָ. (פאַרוואונדערט)

ניין! ער לאַכט עס. ער רעדט אָפט עפּיס וועגען מאַרקיז דזשוסטי, אָבער איך האָב אים קיין איין מאָל ניט געזען.

באַראָן.

און איר ווייסט, אַז אייער פּאַפּאַ איז פּשוט אַ שאַרלאַטאַן?

קאָנסועללאָ.

אַך, ניין, ער איז אזאַ ליבער!



באַראָן.

ס'זיינען אייך געפעלען די בריליאַנטען?

קאָנסועללאָ.

יאָ, זייער! מיר האָט זייער לייד געטאָן, אַז דער פּאַפּאַ האָט זיי אייך געהייסען אומקערן. ער'ט געזאָגט, אַז עס פּאַסט ניט. איך האָב זאָגאר אַ ביסעל געוויינט.

באַראָן.

אייער פּאַפּאַ איז אַ קבצן און אַ שאַרלאַטאַן.

קאָנסועללאָ.

אַך, ניין, ניט זידעלט אים! ער האָט אייך אַזוי ליב.

באַראָן.

לאָזט מיר אַ קוש טאָן די האַנט.

קאָנסועללאָ.

וואָס רעדט איר, ס'פּאַסט ניט! מען מעג קושען, בעת מען באַגריסט אָדער מען געזעגענט זיך און אינמיטען טאָר מען נישט.

באַראָן.

אלע זיינען אין אייך פאַרליבט, דערפאַר האלט איר זיך אַזוי גרויס, איר און אייער פּאַפּאַ. ווער איז עס ביי אייך אָט דער נייער קלאָאון, דער? ער געפעלט מיר נישט, אַ געשייטע בעסטיע; ער איז אויך פאַרליבט אין אייך? איך האָב געזען, ווי ער האָט אויף אייך געקוקט.

קאָנסועללאָ. (לאַכט)

נו, וואָס רעדט איר? ער איז אַזוי קאָמיש. נעכטען האָט ער באַקומען צוויי און פופציג פעטש, מיר האָבען געציילט. באַטראַכט נאָר: צוויי און פופציג פעטש! דער פּאַפּאַ האָט געזאָגט, אַז ס'וואָלט געווען גילדערנע!

באַראָן.

קאָנסועללאָ! און בעזאַנאָ געפעלט אייך?

קאָנסועללאָ.

יאָ, זייער. ער איז אזאַ שיינער! דער זאָגט, אַז מיר ביידע

זײַנען די שענסטע פּאָר מענטשען אויף דער וועלט. ער רופט אים אדם און מיך חוה... ס'איז דאָך אָבער געמיין. דער איז אזאַ געמײנער...

באַראָן.

און אָפט שמועסט מיט אײַך דער?

קאָנסועללאָ.

אָפט. נאָר איך פאַרשטײ אים ניט. ער איז שטענדיג אַזוי ווי שכור.

באַראָן.

גאָט מײַנער! קאָנסועללאָ הײסט שפּאַניש „טרײסט”... אײַער פּאַפּאַ איז אַנ'אײזעל. קאָנסועללאָ — איך ליב אײַך.

קאָנסועללאָ.

רעדט איבער מיט פּאַפּאַ.

באַראָן. (מיט כעס)

אײַער פּאַפּאַ איז אַנ'אָשוסט און אַ שאַנטאַזשיסט, וועלכען מ'דאַרף אַוועקפירען צום קאָמיסאַר. איר פאַרשטײט דען ניט, אַז איך קאָן מיט אײַך ניט חתונה האָבען?

קאָנסועללאָ.

און דער פּאַפּאַ זאָגט, אַז איר קאָנט.

באַראָן.

ניין. איך קאָן ניט. און אויב כ'וועל זיך דערשיסען? קאָנסועללאָ, נאַרעלע — איך ליב דיך אומדערטרעגליך, אומדערטרעגליך, די פאַרשטייסט? איך בין, משמעות, אַראָפּ פון זינען און מען דאַרף מיך פירען צום דאָקטאָר, אַוועקשלעפען פאַרן קאָלנער, אָנשלאָגען מיט שטעקענס. פאַר וואָס ליב איך דיך אַזוי?

קאָנסועללאָ.

אויב אַזוי, האָט בעסער חתונה.

באַראָן.

איך האָב געהאַט הונדערט פרויען שײנהײַטען, נאָר כ'האָב זיי נישט געזען. דיר זע איך די ערשטע, און מער זע איך גאָרנישט. ווער שטראָפט דעם מענטשען מיט ליבע — גאָט אָדער



דער טײַוועל? מיך האָט דער טײַוועל געשטראָפט. לאָז מיר אַ קוש טאָן די האַנט.

קאָנסועללאָ.

ניין. (זי'ט זיך פארטראכט און זיפצט אַפּ).

באַראָן.

טראַכסטו אָפּנים ווען עס איז? וועגען וואָס האָסטו זיך פאַר־טראַכט, קאָנסועללאָ?

קאָנסועללאָ.

ס'איז עפּיס אַזאַ רחמנות אויף בעזאַנאָן. (זיפצט) ער איז אַזאַ גוטער. אַז ער לערנט מיך, און ער האָט אַזאַ קלײנעם צימערל...

באַראָן. (מיט כעס)

איר זײַט דאָרטען געווען?

קאָנסועללאָ.

ניין. מיר האָט געזאָגט דער. (שמייכעלט) איר הערט ווי דאָרטען רוישט, דאָס קריגט ער פּעטש. אָרימינקער, הגם ס'טוט גאָר ניט וויי, ס'איז מער ניט אויף צו פלײַסען. איצט איז באַלד שוין אַנטראַקט.

דער באַראָן ניט אַװאָרף די סיגאַרע, מאכט צוויי טריט און שטעלט זיך אויף די קני פאַר דעם מײדעל.

באַראָן.

קאָנסועללאָ!

קאָנסועללאָ.

אַך, ניין, שטײט אויף, שטײט אויף. לאָזט אָפּ מיין האַנט!

באַראָן.

קאָנסועללאָ!

קאָנסועללאָ. (מיט עקעל)

שטײט שוין אויף. מיר עקעלט. איר זײַט אַזאַ גראָבער!

דער באַראָן שטײט אויף. אין טיר איז אַ רעש פון שטימען און עולם — אַנט־

דאַקט. לוסטיג פלוידערנדיג, אויפגערעגטע, קומען אַרײַן די קלאָאונען. דער ערשטער גײט דער. אין אַ קלאָאון-קאָסטיום מיט אָנגעשטירטע ברעמען און אַ װײַסען נאָז; די איבריגע אַפּלאָדירען אים „בראַװאָ". קולות פון ארטיסטען: „בראַװאָ, דער!". אַרטיסטען, באַרײַטער, גימנאַסטען, אַלע אין זײערע קאָסטיומען. זינדרע איז ניטאָ. נאָכדעם קומט אָן פּאַפּאַ בריקע.

**פּאָלי.**

הונדערט פּעטש! בראַװאָ, דער!

**דזשעקסאָן.**

ניט שלעכט, ניט שלעכט. דו מאַכסט אַ קאַריערע.

**טילי.**

הײַנט איז ער געװעזען פּראָפעסאָר און מיר שילער. נאַ דיר נאָך, קריג הונדערט אײנעם!

שלאָגט דערן שפּאַסענדיג, אַ געלעכטער. מען באַגריסט זיך מיטן באַראָן. ער האַלט זיך קאָרעקט, נאָר ניט ליבענסווירדיג, ס'האָבן אים דערעסען די בעטלער. ער שװײַגט, צו װאָס אַלע זײַנען געװענט. ס'גײט צו מאַנטשיני, אַלץ דערזעלביגער, מיטן זעלבען שטעקען.

**מאַנטשיני.** (באַגריסט זיך)

װאָס פאַר אַ ערפאָלג, באַראָן! באַטראַכט נאָר, װי װײַט דער עולם האָט ליב פּעטש. (שטילערהײט) בײַ אײַך זײַנען די קני אײַנגעשמירט, באַראָן, מאַכט אָפּ, דאָ איז זײער אַ שמוציגער דיל. (הויך) קאָנסועללאָ, מײַן קינד, װי פילסטו זיך?..

גײט אָפּ צו דער טאָכטער. אַ פרײלעכער גערויש, קולות. לאָקײען פון בופעט טראָגען סאָדע-װאַסער און װײַן. קאָנסועללאָס שטימע: „און װאו איז בעזאָנאָ?"

**דער.** (זיך גויבענדיג צום באַראָן, אינטים)

איר דערקענט מיך ניט, באַראָן?



**באַראָן.**

נײן, כ'דערקען. איר זײַט קלאָאון דער.

**דער.**

יאָ, כ'בין דער, װאָס קריגט די פּעטש. כ'װעל װאַגען צו פרעגען, באַראָן, האָט מען אײַך איבערגעגעבען די בריליאַנטען?

**באַראָן.**

װאָס אַזױנס?!

**דער.**

מען האָט אָנגעטרויט אײַך אָװעקטראָגען עפּיס בריליאַנטען און איך װאָג...

דער באַראָן קערט אים אום דעם רוקען. דער לאַכט הויך.

**דזשעקסאָן.**

סאָדע און װיסקי! גלויבט, מײַנע הערען, ער װעט מאַכען אַ קאַריערע. איך בין אַן אַלטער קלאָאון, כ'פאַרשטײ דעם עולם. הײַנט האָט ער פאַרשטעלט אַפילו מיך, און איף מײַן זון װײַנען װאָלקענס אַרויף. (פּאַטשט זיך הינטען) זײ האָבען פײַנט קאָפּדרײענישען, זײ דאַרפען האָבען פּעטש, װעגען װעלכע זײ בענקען און חלומען אין דער הײם. דײַן געזונט, דער! נאָך סאָדאַ-װיסקי. ער האָט הײַנט אַזױפיל פּעטש באַקומען, אַז ס'װאָלט אויפן גאַנצען פאַרטער געקלעקט.

**טילי.**

נײן, כ'װאָלט ניט געקלעקט. געװעט!

**פּאָלי.**

געװעט! קלאַפּט די הענט איך װעל גײן און צײלען װיפיל פּרצופים ס'זײַנען דאָ אין פּאַרטער.

**אַ קול.**

דער פּאַרטער האָט ניט געלאַכט.

**דזשעקסאָן.**

חײַל ער האָט געקראָגען. און די גאַלעריע האָט געלאַכט, ווײַל זי האָט געקוקט ווי פֿאַרטער קריגט. דײַן געזונט, דער!

**דער.**

דײַן געזונט, דזשים. אָבער פֿאַר וואָס ס'טו מיר ניט געלאָזט מײַן דרשה ענדיגען? כ'בין געווען אַזוי אויפֿגעלייגט!

**דזשעקסאָן.** (ווילסטיג)

ווײַל ס'איז געווען אַ חלול השם. מײַן פֿרײַנד. פּאָליטיק — יאָ, זיטען וויפֿיל דו ווילסט, נאָר די שכינה לאָז צורו. און גלויב, גוטער ברודער, איך האָב דיר צו דער צײַט דײַן מויל פֿאַרמאַכט. ניט אַזוי, פּאַפּאַ בריקע?

**בריקע.** (צוגייענדיג)

ס'איז געווען צו ליטעראַריש. דאָס איז ניט קיין אַקאַדעמיע. דו פֿאַרגעסט, דער!

**טילי.**

אָבער פֿאַרמאַכען אַ מענטשען ס'מויל — פֿי!

**בריקע.** (מוסרנדיג)

ווען מ'זאָל אַ מענטשען ס'מויל ניט פֿאַרמאַכען, איז עס תמיד צו דער צײַט. סײַדען, בעת ער טרינקט... איי, סאָדאַ=וויסקי!

**שטימען:**

סאָדאַ=וויסקי דעם דירעקטאָר!

**טאַנטשיני.**

אָבער דאָס איז דאָך אַבסקוראַנטיזם. ווידער ביסטו מיט דײַן פֿילאָזאָפֿיע, בריקע?

**בריקע.**

כ'בין הײַנט מיט דיר ניט צופֿרידען, דער. וואָס דאַרף מען זיי רייצען. זיי האָבען עס ניט ליב. אײַער געזונט! אַ גוטער פּאַטש דאַרף זײַן ריין ווי קרישטאָל — באַץ! באַץ! די רעכטע, די לינקע — און שוין! זיי איז אַנגענעם און זיי לאַכען און ליבען



דיך. און אין דײַנע פּעטש איז דאָ עפּיס אַ בײַ=טעם... פֿאַרשטייסט. עפּיס א ריח!

**דער.**

זיי האָבען דאָך אָבער געלאַכט!

**בריקע.**

אָבער אָן הנאָה, אָן הנאָה, דער! דו צאָלסט און שטעלסט גלײַך אויס אַנ'אָנווײַזונג אויף זייער נאָמען. ס'איז ניט ריכטיג געשפּילט, מען וועט דיך ניט ליבען.

**דזשעקסאָן.**

דאָס זעלביגע זאָג איך אים אויך. ער האָט שוין אָנגעהויבען זיי ערגערן.

**בעזאַנאַ.** (אַרײַנקומענדיג)

קאָנסועללאָ, וואו ביסטו? איך זוך דיך. קום!

בײדע גייען אַרויס. דער באַראָן גייט זיי אין אַ ווײַלע אַרום נאָך; טאַנטשיני באַגלייט אים מיט אַכטונג ביזן טיר.

**דער.**

אַך, איר פֿאַרשטייט ניט, פֿרײַנד! איר זײַט פּשוט פֿאַרעלטערט און האָט פֿאַרלאָרען דעם חוש פֿון בינע.

**דזשעקסאָן.**

אָהאָ! ווער איז עס פֿאַרעלטערט, יונגערמאַן?

**דער.**

ניט זײַ אין כעס, דזשים. ס'איז דאָך אָבער שפּיל, פֿאַרשטייט איר? איך ווער גליקליך, אַז איך גיי אַרויס אויף דער אַרענע און דערהער מוזיק. איך טראָג אַ מאַסקע, און מיר איז לעכערליך, ווי אין שלאָף. איך טראָג אַ מאַסקע, און איך שפּיל. איך קאָן ריידען אַלץ ווי אַ שכורער. דו פֿאַרשטייסט? בעת כ'האָב נעכטען, מיט דעם טפּושדיגען פּרצוף, געשפּילט אַ גרויסען מענטשען — אַ פֿילאָזאָף!..

אַנגעמענדיג אַ חוצפּהדיג סאַנטימענטאַלען אויסזעהן, חזרט דער בײַם אַלגעמײַ-
נעם געלעכטער איבער דאָס נעכטינע שפּיל.

**דער.**

און כ'בין געגאַנגען אַזוי — — — און כ'האָב גערעדט, ווי איך בין גרויס, ווי איך בין קלוג, ווי ס'איז ניטאָ מײַן גלײַכען — — — און וואָס אין מיר לעבט פאַר אַ געטליכקײַט — — — און ווי הויך איך בין איבער דער ערד — — — און ווי דאָס רום שײַנט אַרום מײַן קאָפּ — — — (בײַטענדיג די שטימע, גיך) — און דו דזשים, האָסט מיר דעם ערשטען מאָל אַ קלאַפּ געטאָן — און כ'האָב געפרעגט וואָס איז? מען אַפּלאָדירט מיר? — — — און, אַז בײַם צענטען פּאַטש האָב איך געזאָגט: דאַכט זיך, מען האָט נאָך מיר געשיקט פון אַקאַדעמיע?

שפּילענדיג קוקט ער זיך אום מיט אַ פּנים פון נישט באַזינבאַרער חוצפּה און גרויסקײַט. אַ געלעכטער. דזשעקסאָן דערלאַנגט דערין אַ פּאַטש.

**דער.**

פאַרוואָס?

**דזשעקסאָן.**

דערפאַר, וואָס דו שפּילסט בחנם, שוטה. גאַרסאָן, אַ רעכנונג.

אַ געלעכטער. פון הײַטען דאָס גלעקעל, וואָס רופט אויף דער אַרענע. די אַרטיסטען נעמען זיך געשווינדט פונאַנדער, אַנדערע לויפען. אײַלענדיג באַקוקען די לאָקייען על-פּי-חשבון.

**בריקע.** (צוצוויגען)

אויף דער ארענע! אויף דער ארענע!

**מאַנטשיני.**

איך דאַרף דיר זאָגען צוויי ווערטער, דער. דו גייסט נאָך ניט אוועק?





**דער.**

כ'וועל אָפּרוען.

**בריקע.**

אויף דער אַרענע! אויף דער אַרענע!

די קלאָאונען גײען מיט קוויטשענדיג געזאַנג אַוועק. ביסלעכווײַז גײען זיך אַלע פונאַנדער. דאָרטען הערען זיך בראַוואורע קלאַנגען פון מוזיק. דער קלעטערט מיט די פיס אַרויף אויפן דיוואַן, גענױצט.

**מאַנטשיני.**

דער, דו האָסט דאָס, וואָס עס האָט קײנמאָל מײַן שטאַם ניט פאַרמאָגט: געלט. איך וועל הײסען דערלאַנגען א פלעשעלע? הערט, ברײנגט.

דער לאָקײ, וואָס האָט נעקליבען דאָס געשיר, ברענגט אַ פלאַש ווײַן און בעכערס. גײט אוועק.

**דער.**

ביסט עפּיס פאַרכמורעט, מאַנטשיני. (ציט זיך) נײן, אין מײַנע יאָרען הונדערט פּעטש ס'איז שווער... ביסט עפּיס פאַרכמורעט. וואָס הערט זיך בײַ דיר מיט דער מײדעלע?

**מאַנטשיני.**

טסס... שלעכט. צרות. די עלטערן. (גיט א ציטער) אַך.

**דער.**

תּפיסה?

**מאַנטשיני.** (לאַכט)

תּפיסה! מען דאַרף דאָך אונטערהאַלטען דעם גלאַנץ פון נאָמען. אַך, דער, איך ווײַצעל זיך און אויף דער נשמה בײַ מיר איז דער גיהנם! דו אײנער פאַרשטײסט מיך. אָבער הער אויס, וואָס איז פאַר אַ לײדענשאַפט? דערקלער מיר? זי וועט מיר ברײנגען

ביז גרויע האָר, ביז תּפיסה, ביזן קבר — איך בין אַ טראַגישער מענטש, דער. (ווישט אָפּ די טרערען מיט אַ שמוציג טיכעל) פאַרזיך? ליב איך ניט דאָס, וואָס איז דערלויבט. און יעדען איינענבליק, אפילו אין מאָמענטען פון עקסטאַז, מוז איך טראַכטען עפּיס אַ מין... געזעץ? ס'איז נאַריש, דער. איך ווער אַן אַנאַרכיסט! מיין גאָט! דער גראַף מאַנטשיני — אַנאַרכיסט, דאָס נאָר האָט געפעלט!

**דער.**

און איינאָרדנען?

**מאַנטשיני.**

און געלט?

**דער.**

און דער באַראָן?

**מאַנטשיני.**

נו יאָ, ער וואַרט נאָר אויף דעם, דער בלוט=זויגער. און ער וועט זיך דערוואַרטען! ער וועט זיך דערוואַרטען, אַז איך וועל אים אָפּגעבען קאָנסועללאָן פאַר צען טויזענט פראַנק! פאַר פינף!

**דער.**

ביליג.

**מאַנטשיני.**

זאָג איך דען, אַז עס איז טייער און אַז דאָס וויל איך? נאָר אַז מיך שטיקען די נבזים, אַז זיי האַלטען פאַרן גאָרגעל — אָט אַזוי! אַך, דער, פון אַלץ איז צו זען, אַז דו ביסט אַ מענטש פון געזעלשאַפט, דו פאַרשטייסט מיך. איך האָב דיר געוויזען די בריליאַנטען, וואָס כ'האָב אים אָפּגעשיקט? פאַרשאָלטענע אָרנטליכקייט, כ'האָב אַפילו ניט געקאָנט די שטיינער מיט פאַלשע פאַרבייטען!

**דער.**

פאַר וואָס?



**מאַנטשיני.**

ווייל כ'וואָלט קאַליע געמאַכט די גאַנצע שפיל. דו מיינסט ער האָט דערנאָך די שטיינער ניט געוואויגען?

**דער.**

ער וועט ניט חתונה האָבען.

**מאַנטשיני.**

ניין, ער וועט חתונה האָבען. דו פאַרשטייסט אים ניט. (לאַכט) ס'איז אַ מענטש, וואָס אַ האַלב לעבען נאָר געהאַט אַן אַפּעטיט און איצטער איז צו אים געקומען ליבע. אז מען זאָל אים ניט געבען קאָנסועללאָן, איז ער געענדיגט, ווי... ווי אַ פאַרוועלקטער נאַרציס, פּרעס אים דער טייוועל מיט זיין אויטאָמאָביל! ס'טו געזעהן זיין אויטאָמאָביל?

**דער.**

געזעהן. גיב אָפּ די מיידעלע דעם רייטער.

**מאַנטשיני.**

בעזאַנאָ? (לאַכט) זעסט צו וואָס מיר האָבען זיך דערערעדט! אַך, דיין וויץ וועגען אָדם און חוה... מער דאַרף ניט, כ'בעט דיר... ס'איז שאַרפזיניג, אָבער עס קאָמפּראָמיטירט ס'מיידעלע. זי'ט מיר דערציילט.

**דער.**

אָדער גיב אַוועק מיר.

**מאַנטשיני.**

און אַ מיליאַרד האָסטו? (לאַכט) אַך, דער, דער קאָפּ ליגט מיר גאָרניט צו דיינע קלאָאונישע וויצען! דאָ זאָגט מען, זיינען די תּפיסות העסליכע, מען מאַכט ניט קיין שום חלוק צווישען מענטשען פון אונזער קרייז און פּשוטע אויסוואורפען. וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? — דו לאַכסט?

**דער.**

ניין.

**מאַנטשיני.** (אין כּעס)

קיין מאָל וועל איך זיך ניט צוגעוווינען צו די פּרצופֿים! ביסט אַזוי העסליך אָנגעפּאַרבט...

**דער.**

ער וועט ניט חתונה האָבען. דו ביסט צו גאַוהדיג און גייציג, מאַנטשיני, נאָר ער וועט ניט חתונה האָבען. וואָס אַזוינס איז קאָנסועללאָ? זי'ז ניט געבילדעט; בעת זי'ז ניט אויפֿן פּערד, פֿאַרמאָגט יעדער צימער=מיידעל פֿון אַ בעסער הויז שענערע מאַניערען און אַ קלוגערע שפּראַך... (גלייכגילטיג) איז זי ניט אַ נאַר?

**מאַנטשיני.**

זי'ז ניט קיין נאַר, אָבער דו, דער, ביסט אַ נאַר. וואָס אַזוינס איז שׂכל ביי אַ פֿרוי? דו באַוואונדערסט מיך, דער! קאָנסועללאָ— דאָס איז אַ בריליאַנט, וועלכען מען האָט נאָך ניט גראַנירט און ניט מער ווי אַנ'אמתער אייזעל וועט איר גלאַנץ ניט באַמערקען. דו ווייסט, אַז איך האָב זי וועסט אָנגעהויבען שלייפֿען?

**דער.**

גענומען אַ לערער? נו, און וואָס?

**מאַנטשיני.** (שאָקלענדיג מיטן קאָפּ, געהיימניספֿול)

און איך האָב זיך דערשראָקען, — אַזוי גיך איז עס אַוועק כ'האָב אים אָפּגעשאַפֿט. אָ? כ'האָב זיך זאָגנ.ר דערשראָקען. ניט מער ווי נאָך אַ חודש אָדער צוויי, וואָלט זי מיך אַרויסגעטריבען. (ער לאַכט) די אַמאָליגע קלוגע שטיינער=הענדלער אין אַמסטער=דאַם פֿלעגען זייי האַלטען ניט געשליפֿענע — פֿון גנבים; מיר פֿלעגט דערציילען מיין פֿאָטער.

**דער.**

ס'איז דער שלאָף פֿונם בריליאַנט. דעמאָלט שלאָפֿט ער. ניין, דו ביסט אַ חכם, מאַנטשיני!

**מאַנטשיני.**

דו ווייסט, וואָס פֿאַר אַ בלוט עס פֿליסט אין די אָדערן פֿון אַ איטאַליענער פֿרוי? ביי איר איז דאָס בלוט פֿון האַניבאַל



און קאָרסיני, באָרדזשיאַ און אַ שמוציגען לאַנגבאַרדער אָדער מאַוור. אָ, דאָס איז ניט קיין פֿרוי פֿון נידעריגער ראַסע, וואו פֿון הינטען, זיינען מער ניט פֿויערים און ציגיינער! אין אַ איטאַליענערין זיינען בעהאַלטען אַלע מעגליכקייטען, אַלע פֿאָרמען, אַזוי ווי אין אונזער וואונדערליכען מאַרמאָר, דו פֿאַר=שטייסט גולם? גיב זי אַ קלאַפּ אָט = דאָ — איז זי קעכין, וועלכע דו וועסט אַרויסיאָגען פֿאַר איר שמוץ און שרייעניש פֿון אַ קראָה, א ביליגע קאָקאָטע; פֿאָרזיכטיג... דעליקאַט! גיב זי אַ ריר פֿון דער זייט — איז זי אַ מלכּה, אַ געטין, וועגערע די קאַפּיטאָלישע! און זי זינגט, ווי סטראַדיוואַריוס, און דו פֿלאַנ=כעסט שוין... גולם! אַ איטאַליענער פֿרוי...

**דער.**

דו ביסט גאָר אַ פּאָעט, מאַנטשיני. אָבער וואָס וועט פֿון איר מאַכען דער באַראָן?

**מאַנטשיני.**

ס'הייסט וואָס? אַ באַראָנעסע, גולם! וואָס לאַכסטו — כ'פֿאַרשטיי ניט. ס'איז פּשוט אַ גליק, וואָס אָט=די פֿאַרליבטע בהמה איז ניט אַ הערצאָג און ניט אַ פּרינץ: ער וואָלט זי געמאַכט פֿאַר אַ פּרינצעסין, און דעמאָלט בין איך פּיוט... אין אַ יאָר אַרום וועט מען מיך ניט אַריינלאָזען אין קיך!.. (לאַכט) מיך! און איך בין גראַף מאַנטשיני, בעת זי איז אַ פּשוטע...

**דער.** (זיך אויפֿהויבענדיג)

וואָס פּלוידערסטו? ביסט ניט איר פֿאָטער?! מאַנטשיני?

**מאַנטשיני.**

טסס!.. דער טייוועל זאָל עס נעמען, ווי איך בין היינט צומראָ=גען. ווער זשע דען בין איך, אָ הימעל? פֿאַרשטייט זיך אַ פֿאָ=טער! (קרימט זיך אין געלעכטער) גולם! באַמערקסט ניט אַ פֿאַמיליענ=ענליכקייט? דער נאַר — זע! די אויגען! (זיפֿצט אומגעריכט אָפּ) אָך, דער, ווי אומגליקליך איך בין. מען זאָל נאָר אַ טראַכט טאָן: בעת דאָ קומט אום אַ מענטש אין קאַמפּף פֿאַר די עהרע

פון אַלטען שטאַם. זיצט דאָרטען, אין פארטער, די בהמה, דער העלפֿאַנט מיט אויגען פֿון אַ שפין און קוקט אויף קאָנסועללאָן און...

**ד ע ר.**

יאָ, ער האָט אַן׳אומבאַוועגליכען בליק פון א שפין. ביסט גערעכט,

**מ אַ נ ט ש י נ י.**

און וואָס זאָג איך? אַ שפין!.. אָבער ניין, איך וועל אים צווינגען חתונה האָבען. דוס׳ט זען! (גייט אויפגערעגט אום שפילענדיג מיטן שטעקען) דוס׳ט זען! א גאַנצען לעבען האָב איך זיך געגרייט צו דער שלאַכט...

ניִיט אום. מען שווייגט. אַ שטילקייט.

**ד ע ר.** (הארכענדיג)

פֿאַרוואָס איז דאָרטען אַזוי שטיל? אַ משונהדיגע שטילקייט.

**מ אַ נ ט ש י נ י.** (מיט פֿאראכטונג)

כ׳ווייס ניט! דאָרטען איז אַ שטילקייט און דאָ (ריירט מיטן שטעקען אן דעם שטערען) איז אַ גאַנצער שטורם און געוויטער! (בייגט זיך אײן צום קלאַון) דער, ווילסט, כ׳וועל דיר א וואונדערבאָרע זאך דערציילען? אַ צופֿאַל פון אויסערגעוויינליכען שפיל פֿון דער נאַטור? (לאכט און רעדט מאכענדיג א וויכטיגען פנים) שוין דריי יאָרהונדערטען — זיינען די גראַפֿען מאַנטשיני — איינגאַנצען קינדערלאָז! (לאכט)

**ד ע ר.**

נישקשה! און ווי ווערט איר געבוירען?

**מ אַ נ ט ש י נ י.**

טסס... דאָס איז דער סוד פֿון אונזערע הייליגע מוטערס! כע, כע... מיר זיינען צו אַלט, מיר זיינען, ענדליך, צו עלעגאַנט זיך צו פֿאַרנעמען מיטן וואולגארען עסק, אין וועלכען יעדער פויער איז שטאַרקער פֿאַר אונז...



ס׳קומט אַריין אַ באַריער-דינער.

**מ אַ נ ט ש י נ י.**

הער אויס, וואָס דאַרפסטו דאָ? דער דירעקטאָר איז אויף דער בינע.

**ד ע ר ד י נ ע ר.** (זיך פארנייגענדיג)

איך ווייס. דער באַראָן רעניאַר האָט אייך געבעטען איבערגעבען דעם בריו

**מ א נ ט ש י נ י.**

דער באַראָן? ער איז דאָרטען?

**ד ע ר ד י נ ע ר.**

דער באַראָן איז אַוועקגעפֿאָרען. קיין תשובה דאַרף מען ניט.

**מ אַ נ ט ש י נ י.** (עפענענדיג מיט ציטערענדיגע הענט דאָס קאָנווערטל)

דער טייוועל נעם דאָס! דער טייוועל נעם דאָס!

דער דינער גייט אַוועק.

**ד ע ר.**

וואַרט. פֿאַרוואָס שפילט ניט די מוזיק און ס׳איז אַזוי שטיל?

**ד ע ר ד י נ ע ר.**

ס׳איז מאַדאַם זינידעס נומער מיט די לייבען.

אַוועק, מאַנטשיני לייענט נאָכאַמאָל דאָס קורצע צעטעלע,

**ד ע ר.**

נו, וואָס, מאַנטשיני? דו שיינסט ווי דזשעקסאָנס זון.

**מ א נ ט ש י נ י.**

וואָס? איר׳ט, דוכט זיך, געפרעגט ביי מיר „וואָס״? אָט-וואָס! (באַלאַנסירנדיג מיטן שטעקען, מאכט ער באַלעטען-פירועטען).

**דער.**
מאַנטשיני!

קאָקעטירענדיג מיט די אויגען און מיטן פּנים טאַנצט מאַנטשיני.

**דער.**
רייד ושע, בעסטיע!

**מאַנטשיני.** (אויסשטעלענדיג די האַנט)
ווייז צען פראַנק! שוין ווייז צען פראַנק! אַך, דער! גיב-ושע! (גיך און מאַשינעל באַהאַלט ער ס'געלט אין וועסט-קעשענע) דער! אויב איך אַ חודש אַרום וועל איך נישט האָבען קיין אויטאָמאָביל, קאָנסט מיר געבען איינעם פון דיינע פעטש!

**דער.**
וואָס? ער האָט חתונה? באַשלאָסען זיך?

**מאַנטשיני.**
וואָס הייסט—באַשלאָסען זיך? (לאַכט) בעת ביי אַ מענטשען איז די שטריק אויפן האַלז, פרעגסטו, וואָס ער מאַכט! דער באַראָן...
(שטעלט זיך אָפּ אַ דערשיטערטער.) זע דאָך, דער!..

זיך שאָקלענדיג, ווי זייער אַשכּורער, אָדער אַ קראַנקער, פאַרשטעלענדיג די אויגען מיט דער האַנט, קומט אַריין בריקע.

**דער.** (צוגייענדיג און אָננעמענדיג איס פאַר די שולטערן)
וואָס איז מיט דיר? פּאַפּאַ בריקע?

**בריקע.** (קרעכצט)
אַך — אַך — אַך... כ'קאָן ניט... אַך!

**דער.**
ס'האָט וואָס געטראָפען? ביסט קראַנק? רייד דאָך שוין!

**בריקע.**
כ'האָב ניט געקאָנט קוקען. (נעמט אָפּ די האַנט און עפענט די שטיין-געבליבענע אויגען) וואָס טוט זי? אַך — וואָס טוט זי! מ'דאַרף זי צונעמען. זי איז אַראָפּ פון זינען! כ'האָב ניט געקאָנט קוקען. (ציטערט) מ'עט זי צוררייסען, דער! די לייבען וועלען זי צורייסען



**מאַנטשיני.**
ניין. דאָך, בריקע! זי'ז שטענדיג אַזאַ. נו, וואָס ביסטו, ווי אַ קינד, שעם זיך.

**בריקע.**
ניין, זי'ז היינט אַראָפּ פון זינען. און מיטן עולם וואָס טוט זיך! זיי זיינען אַלע ווי געשטאָרבען, זיי אָטעמען ניט. כ'האָב ניט געקאָנט קוקען! הערט — וואָס איז דאָס?

אַלע האָרכען. נאָר דאָרט איז די זעלבינע שטילקייט.

**מאַנטשיני.** (אויפגערעגט)
כ'וועל אַקוק טאָן...

**בריקע.** (שרייט)
ניין! מ'דאַרף ניט קוקען... אַך, אַ פאַרשאָלטענע אַרבעט! ניט גיי! קאָנסט אָנצינדען... יעטווידע אויגען, וועלכע קוקען אויף איר... אויף די חיות... ניין, ס'איז אוממיגלעך! ס'איז אַ פאַרברעכען! איך בין אַוועק פון דאָרטען. דער, מ'וועט זי צעררייסען!

**דער.** (זיך בעמיענדיג ריידען פריילאך)
באַרויק זיך דאָך, פּאַפּאַ בריקע! כ'האָב באמת ניט געטראַכט, אַז דו ביסט אַזאַ פחדן... ווי שעמסטו זיך ניט! נעם אַ טרונק וויין... מאַנטשיני, דערלאַנג איס ווייַן.

**בריקע.**
כ'וויל ניט. גאָט מיינער, וואָלט עס שוין גיכער געווען...

טען האָרכט.

**בריקע.**
כ'האָב אין לעבען אַסך געזען, אָבער דאָס!.. זי איז אַראָפּ פון זינען.

מען האָרכט. מיט אַמאָל פֿאַלט די שטילקײַט אײַן, ווי אַ גרויסע שטײַנערנע וואַנט: דאָרטען איז אַ דונער פֿון אַפּלאָדיסמענטען, געשרײַען, מוזיק, אַ רעש עפּיס פֿון חיהשע קולות, עפּיס פֿון מענטשליכע, דאָ איז אַ שמחהדיגע אויפֿרעגונג. בריקע, אָן כּחות בלײַבענדיג, זעצט זיך אויף אַ שטול.

**מאַנטשיני.** (אויפֿגערעגט)

זעסטו, זעסטו, גולם!

**בריקע.** (לאַכט און פּלאָנטעט)

כ'וועל מער ניט דערלעבן...

**דער,**

זי'ז דאָ!

ס'קומט אַרײַן זינידע אַליין. זי ווײַזט אויס, ווי אַ שכּורע, וואַקלאַנקע, אָדער אַ משוגענע. די האָר זײַנען צעוואָרפֿען, פֿון איין שולטער איז דאָס קלייד אינגאַנצען אַראָפּגעלאָזט; זי גייט, פֿינקלענדיג מיט די אויגען, אָבער נישט זעענדיג. אָדער צו אַ לעבעדיגער סטאַטוטע פֿון אַ משוגענעם נצחון איז זי ענליך. הינטער איר מיט אַ בלייכען פּנים עפּעס אַנ'אַרטיסט, בײַדע קלאָאונען; נאָכדעם די בלייכע קאָנסועללאָ און בעזאַנאָ. מיט אימה קוקען אַלע אויף זינידען, ווי זיי וואָלטען מורא האָבען, אַז עס זאָלען זיי נישט אָנרירען, אָדער עס זאָלען נישט אַ קוק טאָן אויף זיי די גרויסע אויגען.

**בריקע.** (שרײַט)

ביסט פֿון זינען אַראָפּ!.. אַך, דו נאַר!

**זינידע.**

איך? ניין. איך'ט געזען, איר'ט געזען? נו — וואָס?!

שטייט שמייכלענדיג, איבערלעבענדיג אַ משוגענעם נצחון.

**טילי.** (רחמנותדיג)

הער דאָך אויף, זינידע! האָב דיך דער טײַוועל!



**זינידע.**

און דוס'ט געזען? נו — וואָס?!

**בריקע.**

אַהיים, אַהיים! טוט דאָ וואָס איר ווילט... זינידע, אַהיים!

**פּאָלי.**

דו טאָרסט ניט, פּאַפּאַ. דײַן גומער וועט נאָך זײַן.

**זינידע.** (זיך טרעפֿענדיג מיט די אויגען מיט בעזאַנאָ)

אַ בעזאַנאָ! (לאַכט לאַנג און גליקליך) בעזאַנאָ... אַלפֿרעד! ס'ט געזען: מײַנע חיות ליבען מיך!

נישט געענטפֿערט, גייט בעזאַנאָ אַרויס. זינידע ווערט אַזוי ווי פֿאַרלאָשען: ס'לעשט אויס דער שמייכעל, די אויגען, דער פּנים ווערט בלאַס. בריקע, ליידענדיג, אײַנגעבויגען, קוקט אויף איר. זאָגט שטיל: אַ שטול. זינידע זעצט זיך, דער קאָפּ ליגט מאַכטלאָז אויף די שולטערען, די הענט זײַנען אַראָפּגעהאָנגען. הויבט אָן ציטערן און ציטערט אַלץ שטאַרקער, קלאַפּענדיג מיט די ציין. שטאַמעלט: קאָניאַק. אַנ'אַרטיסט לויפֿט נאָך קאָניאַק.

**בריקע.** (הילפֿלאָז)

וואָס איז מיט דיר, זינידע? טײַערע מײַנע?

**מאַנטשיני.** (שמייענדיג)

זי דאַרף זיך פֿאַררויִגען... נו, גייט, גייט. בעטלער. כ'וועל אַלץ אײַנאָרדנען. פּאַפּאַ בריקע, דעם מאַנטאָ! וואו איז דער מאַנטאָ? איר איז קאַלט.

אַ קלאָאון דערלאַנגט דעם מאַנטאָ. מען הילט זי אײַן.

**טילי.** (ניט דרייסט)

און מיוזיק דאַרף מען ניסט?

**מאַנטשיני.** (דערלאַנגענדיג קאָניאַק)

טרינק, הערצאַגינע! טרינק — טרינק אינגאַנצען. אַזוי.

זינידע טרינקט ווי וואַסער, נישט פֿילענדיג. קענטיג, קיין טעם; ציטערט. די

קלאָאונען גייען שטיל אַרוים. קאָנסועללאָ גיט זיך מיט אַן׳אומגעריכטער בייג־זאַמער באַוועגונג אַ וואַרף אויף די קני פאַר זינידען און קושט אירע הענט, דערוואַרימט זיי.

**קאָנסועללאָ.**

ליבע, ליבע... דיר איז קאַלט? ליבינקע הענטעלאַך... ליבע... גוטע... געליבטע...

**זינידע.** (זי לאַכט אָפּשטויסענדיג)

אַהיי... אַהיים! ס׳וועט באַלד פאַרביי־גיין, נישקשה. כ׳בין זייער, זייער... אַהיים! דו בלייב, בריקע, דו דאַרפסט נאָך. ניין, כ׳בין נישקשה.

**קאָנסועללאָ.**

דיר איז קאַלט? נעם מיין טוך.

**זינידע.**

ניין. לאָז.

קאָנסועללאָ שטייט אויף פון די קני און נעמט אָפּ.

**בריקע.**

דאָס איז אַלץ דיינע ביכער, זינידע! מיטאָלאָגיע! נו, זאָג: צו וואָס איז דיר נויטיג, אַז דיר זאָלען ליבען די חיות? חיות! פאַרשטייסט, דער? דו ביסט אויך פון דאָרטען, זי וועט דיך גיכער פאָלגען, נו, דערקלער דו איר! נו, ווען קאָנען ליבען אָט די חיות, אָט די האָריגע ברואים מיט זייערע טייוולישע אויגען?

**דער.** (אונגענעם)

איך מיין: נאָר ענליכע צו זיי. דו ביסט גערעכט, פאַפּאַ ברי־קע, ס׳איז נויטיג איין מין!

**בריקע.**

נו, פאַרשטייט זיך! און דאָס איז דאָך נאַרישקייט, ליטעראַטור! זאָג איר, דער!



**דער.** (מאַכענדיג אַ פּנים פון אַ גאַכדענקענדיגען)

יאָ, ביסט גערעכט, בריקע!

**בריקע.**

זעסטו, נאַרעלע? אַלע זאָגען.

**מאַנטשיני.**

פוי, — ווי דוס׳ט דערעסען, בריקע! דו ביסט אַ פולשטענדיגער דעספּאָט, אַנ׳אַזיאַט.

**זינידע.** (בלאָס שמייכלענדיג און אויסציענדיג צו בריקע די האַנט אויף אַ קוש)

באַרואיג זיך, לואי, ס׳איז אַלץ אַוועק. איך פאָר.

שטייט אויף, זיך שאָקלענדיג, נאָך אַלץ אין פיבער.

**בריקע.**

אָבער, ווי וועסטו אַליין? ליבע...

**מאַנטשיני.**

גולם! און דוס׳ט געזען, אַז גראַף מאַנטשיני זאָל לאָזען אליין אַ פרוי, בעת זי נויטיגט זיך אין הילף? איך וועל זי אָפּפירען. זיי רואיג, געמיינע נשמה, איך וועל זי אָפּפירען, טאָמאַס, לויף נאָך אַנ׳אויטאָמאָביל! אָבער שטופּ זיך ניט, ברי־קע, דו ביסט אומגעשיקט, ווי אַ בעהעמאָט! אָט אַזוי! אָט אַזוי!...

האַלטענדיג זינידען, פירען זי לאַנגזאַם צום אויסגאַנג — מאַנטשיני און בריקע. קאָנסועללאָ, צולייגענדיג די הענט צום פּנים, קוקט איר אין אַ נישט ווילענדיג קינסטליכער פּאָזע נאָך.

**מאַנטשיני.** (זיך אומדרייענדיג)

כ׳וועל זיך נאָך דיר אומקערען, קינד!

דאָ זיינען נאָר דער און קאָנסועללאָ. אויף דער אַרענע איז שוין מוזיק, געשרייען, געלעכטער.

**ד ע ר.**

קאָנסועללאָ!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

דאָס ביסטו, ליבער דער?

**ד ע ר.**

פונוואַנען איז ביי דיר די פּאָזע? כ׳האָב זי געזען נאָר אין מאַרמאָר... דו ביסט ענליך צו פּסיכעיען!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

כ׳ווייס ניט, דער. (זיפצט אָפּ און זעצט זיך אויפן דיוואַן, אײַנהאַלטענדיג אין איר פּאָזע די זעלבע קינסטליכקייט און שיינקייט) ווי אומעטיג דאָ איז היינט, דער. דו באַדויערסט זיי נידען?

**ד ע ר:**

וואָס האָט זי געטאָן?

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

כ׳האָב ניט געזען. ווי כ׳האָב פאַרמאַכט די אויגען, אַזוי האָב איך ניט געעפענט. אַלפרעד זאָגט, אַז זי איז א שלעכטע, אָבער ס׳איז ניט אמת. ביי איר זיינען געווען אַזוינע גוטע אויגען... און וואָס פאַר אַ קאַלטע הענטלאַך! ווי ביי אַ טויטע. צו וואָס טוט זי עס? אַלפרעד זאָגט, אַז מען דאַרף זיין אַ דרייסטע, אַ שיינע און אַ רויִגע, און דאָס איז העסליך... דאָס, וואָס זי טוט. ס׳איז ניט אמת, דער?

**ד ע ר.**

זי ליבט אַלפרעדן.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

אַלפרעדן? מיין בעזאַנאָ? (קוועטשט מיט די פּלייצעס, איז ערשטוינט) ווי זשע ליבט זי אים? אַזוי ווי אַלע ליבען?

**ד ע ר.**

יאָ, אַזוי ווי אַלע ליבען. אָדער נאָך שטאַרקער.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

בעזאַנאָ, בעזאַנאָ... ניין, ס׳איז נאַרישקייטען!






**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

וואָס פאַר אַ שיינעם קאָסטיום דו טראָגסט, דער! האָסט אים אַליין אויסגעטראַכט?

**ד ע ר.**

מיר האָט דזשים געהאָלפען.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

דזשים איז אַזא גוטער. קלאָאונען זיינען אַלע גוטע.

**ד ע ר.**

איך בין אַ שלעכטער.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.** (לאַכט)

דו? דו ביסט דער בעסטער. אַך, גאָט מיינער! — נאָך גאַנצע צוויי אָפּטיילונגען... איצט איז די צווייטע, און מיר מיט אַלפרעדן זיינען אין דריטער. דו וועסט מיך קוקען?

**ד ע ר.**

איך קוק דיך שטענדיג, שיינהייט. ווי שיין דו ביסט, קאָנסועללאָ!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

ווי חוה? (שמייכעלט)

**ד ע ר.**

יאָ. קאָנסועללאָ! און אויב דער באַראָן וועט דיר מאַכען אַ פאָרשלאָג צו ווערען זיין פרוי, וועסטו אים אָננעמען?

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

באַשטימט, דער! מיר מיטן פּאַפּאַ וואַרטען מער ניט דערויף. דער פּאַפּאַ האָט נעכטען געזאָגט, אַז ער וועט לאַנג ניט אויס־האַלטען. איך ליב אים ניט, פאַרשטייט זיך, אָבער כ׳וועל אים זיין אַ טרייע, אָרנטליכע פרוי. דער פּאַפּאַ וויל מיך לערנען שפּילען אויפן קלאַוויר.

**ד ע ר.**

דאָס זיינען דיינע ווערטער וועגען „טרייער, אָרנטליכער“ פרוי?

**קאָנסועלאָ.**

מײַנע, װעמענס דען זשע? ער ליבט מיך אַזױ דער אָרימינקער. דער, װאָס איז אַזױנס ליבע? אַלע זאָגען: ליבע, ליבע... און זינדיקע אױך. װאָס פֿאַר אַ אָרימינקע זי איז. װאָס פֿאַר אַ אומעטיגער אָטעם איז היינט! דער, דו האָסט אַליין אָנגעמאָלט דעם געלעכטער אױף דיין פּנים?

**דער.**

אַליין, קאָנסועלאָ.

**קאָנסועלאָ.**

װי אַזױ קאָנט איר עס? כ׳האָב איינמאָל געפּרובט אױסמאָלן ביי זיך, אָבער ס׳איז גאָרניט אַרױסגעקומען. פֿאַרװאָס זיינען ניטאָ קיין פֿרױען קלאָאונען? נאָר דו שװייגסט אַלץ, דער, היינט ביסטו אױך לאַנגװייליג?

**דער.**

ניין, היינט בין איך גליקליך. װייז די האַנט, קאָנסועלאָ. איך װעל טרעפֿן.

**קאָנסועלאָ.**

דו קענסט דען — װי טאַלענטפֿול דו ביסט! נאַ דיר, נאָר ניט לייג װי אַ ציגיינערין.

דער האָט זיך געשטעלט אױף איין קני, און האָט גענומען די האַנט, בײדע באַקוקן זי אײַנגעבױגנערהײט.

**קאָנסועלאָ.**

איך בין אַ גליקליכע?

**דער.**

יאָ, אַ גליקליכע... אָבער װאַרט... אַנ׳ — די ליניע... ס׳איז מאָדנע. אַך, קאָנסועלאָ, װאָס דאָ איז אָנגעזאָגט! (שפּילט) איך ציטער, מיינע אױגען װאָגען קױם פֿונאַנדערקלייבן די מאָדנע אותיות, די שלימזלדיגע צייכענס... קאָנסועלאָ!



**קאָנסועלאָ.**

דאָס ריידען די שטערן?

**דער.**

דאָס ריידען די שטערן. זייער שטים איז װייט און שרעקליך, זייערע שטראַלן זיינען בלאַס, און די שאָטענס גליטשן זיך, װי גייסטער פֿון געשטאָרבענע בתולות. זייער כּישוף איז אױף דיר. — קאָנסועלאָ, שיינע קאָנסועלאָ, — דו שטייסט ביי די טױערן פֿון דער אייביקייט

**קאָנסועלאָ.**

איך פֿאַרשטיי ניט. איך װעל לאַנג לעבן?

**דער.**

די ליניע... װי װייט זי גייט... װי מאָדנע! דו װעסט לעבן אייביג, קאָנסועלאָ!

**קאָנסועלאָ.**

אָט האָסטו געזאָגט אַ ליגן, דער, װי אַ ציגיינערין.

**דער.**

אָבער דאָ איז אַזױ אָנגעצייכענט, דו נאַר איינע! און דאָ... ניין, באַטראַכט נאָר, װאָס עס זאָגן די שטערן. אָט דאָ האָסטו אייביג לעבן, ליבע און רום, און דאָ... הער װאָס זאָגט יופּיטער. ער זאָגט: געטין, דו טאָרסט ניט געהערן צו אַנ׳ערד־געבױרענעם! און אױב — דו װעסט זיך דערלױבן פֿאַר־ראַטען מיטן באַראָן — — װעסטו אומקומען — — — דו װעסט שטאַרבן, קאָנסועלאָ!

**קאָנסועלאָ.** (לאַכענדיג)

ער װעט מיך אױפֿעסן?

**דער.**

ניין. דו װעסט שטאַרבן פֿריער, איידער ער װעט דיך אױפֿעסן.

**קאָנסועלאָ.**

און װאָס װעט דאַמאָלס טאָן דער פּאַפּאַ, איז דאָ ניט אָנגעזאָגט, דער?

לאַכענדיג, זינגט זי שטיל אַ וואַלצער-מאָטיוו, נאָכגייענדיג די דערוויַיטערטע און שטילע קלאַנגען פון אָרקעסטער.

**ד ע ר.**

ניט לאַך אָפּ פונם שטים פון די שטערען, קאָנסועללאָ! זיי זיַי- נען וויַט, די שטראַלען זייערע זיַינען בלאַס און ליַיכט, און די שאָטענס גליטשען זיך קוים באַמערקזאַם, אָבער דער כּשוף זייערער איז גרויזאַם און פינצטער. דו ביסט ביַי די טויערן פון דער אייביקייט, קאנסועללאָ. דיַין מזל איז פאַרבעשטימט. דו — פאַרמשפּט! און דיַין אַלפרעד, וועלכען ס'ליבט דיַין האַרץ און ס'קאָן ניט דער שכל, דיַין אַלפרעד וועט דיך ניט ראַטע- ווען. ער איז אַליין אויף דער ערד אַ פרעמדער. ער איז אַליין פאַרזונקען אין אַ טיפען שלאָף. ער איז אַליין אַ פאַרבלאָנדזשע- טער געטל, וועלכער וועט קיינמאָל — קיינמאָל, קאָנסועללאָ! — ניט געפינען דעם וועג צום הימל. פאַרגעס בעזאַנאָן!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

כ'פאַרשטיי גאָר ניט! געטער זיַינען אַ פּנים דאָ? דער לערער האָט מיר דערציילט, אָבער איך האָב געגלייבט, עס זיַינען מעשהלאַך. (לאַכט) און מיַין בעזאַנאָ איז גאָט?

**ד ע ר.**

פאַרגעס בעזאַנאָן! קאָנסועללאָ, — ווייסט ווער ס'קאָן דיך ראַטע- ווען? — דער איינציגער, ווער ס'קאָן דיך ראַטעווען? איך!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.** (לאַכענדיג)

דו, דער?

**ד ע ר.**

יאָ, לאַך דאָך ניט! גיב אַקוק, זעסט דער אות? דאָס בין איך דאָך, נו, יאָ, איך, דער.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

דער, וואָס קריגט די פּעטש? דאָס איז דאָ אויך אָנגעזאָגט?



**ד ע ר.**

דאָס איז אויך אָנגעזאָגט, שטערען ווייסען אַלץ. זע אָבער וואָס, וועגען אים איז וויַיטער אָנגעזאָגט — קאָנסועללאָ, באַגריס אים! דער — דאָס איז אַנ'איבערגעטאָנענער, אַלטער גאָט, וועלכער האָט זיך אויף דער ערד אַראָפּגעלאָזט פאַר דער ליבע צו דיר. צו דיר, נאַרישע קאָנסועללאָ!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.** (לאַכענדיג און זינגענדיג)

אַ שיינער גאָט!

**ד ע ר.**

לאַך ניט! געטער ליבען ניט קיין פוסטען געלעכטער, אז די ליפּען זיַינען שיינע. און געטער בענקען און זיי שטאַרבען, אַז מען דערקענט זיי ניט. אָ, קאָנסועללע, אָ, גרויסע פרייד און ליבע, דערקען דעם גאָט און נעם אים אָן! דערמאַן זיך, פּלוצ- לונג מיטאמאָל איז גאָט אראָפּ פון זינען!..

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

געטער גייען דען אויך אַראָפּ פון זינען?

**ד ע ר.**

יאָ — בעת זיי זיַינען מענטשען אויף אַ העלפט. דעמאָלט גייען זיי אָפּט אַראָפּ פון זינען. פּלוצלונג זיַין גרויסקיַיט דערזען — און דערציטערט געוואָרען פון שרעק, פון גרענעצלאָזער איינזאַמקיַיט, פון איבער מענטשליכער בענקשאַפט... שרעקליך איז, אַז בענק- שאַפט... שרעקליך איז, אַז בענקשאַפט רירט אָן גאָט'ס נשמה!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

מיר איז אומאַנגענעם. אויף וועלכען לשון רעדסטו? — כ'פאַרשטיי דיר ניט.

**ד ע ר.**

אויף דעם לשון פון דיַין דערוואַכונג! קאָנסועללאָ, דערקען און נעם אָן דעם גאָט, וואָס איז אַראָפּגעשליידערט פון דער הויך ווי אַ שטיין! נעם אָן דעם גאָט, וועלכער איז צו דר'ערד גע-

פֿאַלען, אום צו לעבען, אום צו שפּילען, אום צו זײַן גרעניצ=
לאָז און לוסטיג שכור! עוואָע, געטין!

**קאָנסועללאָ.** (זיך מאַטערנדיג)
כ'פֿאַרשטײ ניט, דער! לאָז אָפּ מײַן האַנט.

דער איז אויפֿגעשטאַנען.

**דער.**
שלאָף אײַן — און ווידער וואַך זיך אויף, קאָנסועללאָ! און אויפֿ=
געוואַכט — דערמאָן זיך אָן דער צײַט, בעת אין שוים פֿון ים
ביסטו פֿון שטראַל באַשײַנטען ים אַנטשטאַנען! דערמאָן זיך
יענעם הימעל — און דעם שטילען ווינט פֿון מזרח — און דאָס
מורמלען פֿונם שוים בײַ דײַנע פֿיס פֿון מאַרמאָר...

**קאָנסועללאָ.** (פֿאַרמאַכט די אויגען)
מיר שײַנט... וואַרט אָפּ... איך דערמאָן עפּיס... דערמאָן ווײַטער.

דער, איבערגעבויגען איבער קאָנסועללאָ און אויפֿהויבענדיג די הענט, רעדט
שטיל. נאָר באַפֿעלענדיג, אַזוי ווי באַשווערנדיג.

**דער.**
דו זעסט ווי עס שפּילען די כוואַליעס? דערמאָן זיך, וואָס דע=
מאָלט האָבען סירענען געזונגען — דערמאָן זיך זײער רײ פֿון
קומערלאָזער פֿרייד, זײערע ווײַסע קערפּערס, בלויע אויף אַ
העלפֿט אין בלויען וואַסער... אָדער זינגט עס די זון? ווי
סטרונען פֿון געטליכע האַרפֿען ציען זיך גאָלדענע שטראַלען —
זעס'טו ניט די האַנט פֿון גאָט, וואָס שײנקט דער וועלט האַר=
מאָניע, ליכט און ליבע? ניט אין בלויען קטרת רויכען זיך
דען בערג און זינגען שבחים? דערמאָן זיך אָן די תּפֿילות פֿון
די בערג, דערמאָן זיך אָן די תּפֿילות פֿונם ים, קאָנסועללאָ!



ס'שווײַגט.

**דער.** (באַפֿעלענדיג)
דערמאָן זיך דאָך, קאָנסועללאָ!

**קאָנסועללאָ.** (עפֿענענדיג די אויגען)
ניין. אך, דער, מיר איז געווען אַזוי גוט... און פּלוצלונג האָב
איך ווידער אַלץ פֿאַרגעסען, און אין האַרצען איז עפּיס נאָך
דאָ... העלף מיר דאָך, דער! דערמאָן! מיר טוט ווי. איך הער
אַסך שטימען, אַלע זינגען זײ: קאָנסועללאָ! קאָנסועללאָ!.. און
וואָס ווײַטער?

מ'שווײַגט.

**קאָנסועללאָ.**
און וואָס ווײַטער?.. מיר טוט ווי. דערמאָן דאָך, דער!

מען שווײַגט. דאָרטען, אויף דער אַרענע, ברעכט די מוזיק אומגעריכט אויס:
אַ ברויזענדיגען צירקוס-האַלאָפּ. מען שווײַגט.

**קאָנסועללאָ.**
דער... (עפֿענט די אויגען און שמייכעלט) אַלפֿרעד שפּרינגט עס. דער=
קענט זײַן מוזיק?

**דער.** (אין גרימצאָרן)
וואַרף אַוועק דעם שגץ!

פֿאַלט אומגעריכט אויף די קני פֿאַר קאָנסועללאָן.

**דער.**
איך ליב דיך. — קאָנסועללאָ! אָטעם פֿון מײַן האַרצען, ליכט פֿון
מײַנע נעכט — איך ליב דיך, קאָנסועללאָ!

מיט אַנטציקונג און מיט טרערען קוקט ער אויף איר — און קריגט אַ פּאַטש.

**ד ע ר.** (זיך אָפּשלײַדערנדיג)

וואָס איז עס?!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

אַ פּאַטש! דו האָסט פֿאַרגעסען, ווער דו ביסט? (מיט בייזע אויגען אויפשטייענדיג) דו, דער, וואָס קריגט די פּעטש. דוס׳ט פאַרגעסען? ניט קיין שלעכטער גאָט, וואָס האָט אַזאַ פּרצוף... אַ געפּאַטשטען פּרצוף! ניט מיט פּעטש האָט מען דיך פון הימעל פֿאַרטריבען, גאָט?

**ד ע ר.**

וואַרט, שטיי ניט אויף... איך... איך האָב נאָך ניט דערשפּילט!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.** (זיך זעצענדיג)

שפּילסטו גאָר?

**ד ע ר.**

וואַרט... כ׳וועל באַלד! קאָנסועללאָ!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

ס׳ט מיך אָפּגענאַרט. צו וואָס האָסטו אַזוי געשפּילט, אַז כ׳האָב געגלויבט?

**ד ע ר.**

כ׳בין דער, וואָס באַקומט די פּעטש.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

ביכט ניט בייז, וואָס כ׳האָב דיר אַ קלאַפּ געטאָן? כ׳האָב דאָך ניט בכיון. אָבער דו ביסט געווען אַזוי העסליך! און איצט ביסטו ווידער דער קאָמישער דער... ווי טאַלענטפֿול דו ביסט! אָדער דו ביסט שכור?

**ד ע ר.**

גיב מיר נאָך אַ קלאַפּ.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

ניין!



**ד ע ר.**

דאָס דאַרף איך צו מיין שפּיל. פּאַטש!

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.** (רירט אָן, לאַכענדיג, מיט די ברעג פֿינגער זיין באַק)

נאַ, אָט האָסטו!

**ד ע ר.**

האָסטו ניט פֿאַרשטאַנען, אַז דו ביסט אַ מלכּה, און איך בין אַ הויף-ליץ, וואָס איז אין דער מלכּה פֿאַרליבט. קאָנסועללאָ! — דו ווייסט דען ניט, אַז יעדע מלכּה האָט אַ ליץ, און אַלע מאָל איז ער פֿאַרליבט, און אַלע שלאָגען אים דערפֿאַר? דער, וואָס קריגט די פּעטש.

**ק אָ נ ס ו ע ל ל אָ.**

ניין, כ׳האָב ניט געוואוסט.

**ד ע ר.**

יעדע! אים האָט די שיינקייט, אים האָט די ווייזהייט — אַך, ווי-פֿיל ליצים זי האָט! איר גאַנצער פּאַלאַץ איז פֿול מיט פֿאַר-ליבטע ליצים, און דער קלאַנג פון פּעטש שטילט ניט איין אַפֿילו ביינאַכט. אָבער אַזאַ געשמאַקע פּאַטש, ווי פון דיר, האָב איך נאָך ניט באַקומען, מיין קליינע מלכּה!

און דער זייט פון טיר האָט זיך אימיצער באַוויזען, טריט. דער באַמע-קט — און זעצט-פֿאָר דאָס שפּיל, זיך פליסיג קרימענדיג.

**ד ע ר**

קלאָון דער קאָן ניט האָבען קיין קאָנקורענטען! ווער וועט אויסשטיין אונטער אַזא מין האָגעל פֿון פּרעסק, אונטער אַזאַ שלאַקס-רעגען, ניט ווערענדיג דורכגענעצט? איך פֿאַרגעטער דיך אומפֿאַרגלײַכבאַרע. (פֿארשטעלט הויך וויינענדיג) האָב רחמנות אויף מיר, כ׳בין אַן אַרעמער ליץ!

ס׳זיינען אַריין צוויי: אַן אַרטיכט אין אַ בערייטער-קאָסטיום און עפּיס אַ הע.

פון פובליקום, זייער אָנשטענדיג, טרוקען, און שוואַרצען. דער הוט אין האַנד.

קאָנסועללאָ. (לאַכענדיג פאַרשעמט)
מ'איז דאָרטען געקומען, דער. גענוג!

דער. (אויפשטייענדיג)
ווער? ווער האָט געוואַגט זיך אַריינרייסען אין די געצעלטער פון מיין מלכה?

ווערט פלוצלונג אַנטשוויגען. קאָנסועללאָ שפרינגט לאַכענדיג אויף און אַנטלויפט, אַ וואַרף טוענדיג אַ געשווינדטען קוק אויפן הערן.

קאָנסועללאָ.
דו'סט מיך פרייליך געמאַכט, דער. זיי געזונט! (פון טיר) מאָרגען וועסטו קריגען אַ בריוועלע.

בעריימטער. (לאַכט)
אַ פריילוכער יונג, גנעדיגער הער. איר האָט פאַרלאַנגט איך זען? אָט. דער, ס'איז צו דיר.

דער. (טויב)
מיט וואָס קאָן איך דינען?

דער בעריימטער נייגט זיך אָפנייגענדיג און שמייכלענדיג, אַרויס. די ביידע מאַכען אַ טריט איינער צום אַנדערען.

דער הער.
דאָס זיינט... איר?

דער.
יאָ. דאָס בין איך. און דאָס זיינט... איר?

מ'שוויַגט.



דער הער.
קען איך גלויבען מיינע אויגען? און דאָס זיינט איר...

דער. (אין גרימצאָרען)
דאָ רופט מען מיך דער! כ'האָב נישט קיין אַנדער נאָמען, איר הערט?! דער, וואָס קריגט די פעטש. און אויב דו פאַרלאַנגסט דאָ בלייבען, באַוויליג דאָס צו באַמערקען!

דער הער.
דו? אָבער ווי ווייס איך געדענק...

דער.
דאָ זאָגט מען אַלעמען דו און דו... (מיט פאַראַכטונג) דו ביסט אין ערגיץ נישט ווערט קיין בעסערס!

דער הער. (באַשיידען)
איר האָט מיר נישט פאַרגעבען... דער?

ס'שוויַגט.

דער.
דו ביסט דאָ מיט מיין ווייב? זי איז אין צירק?

דער הער. (איליג)
אָ, ניין. כ'בין איינער אַליין. זי איז געבליבען דאָרטען.

דער.
דו'סט זי נישט אַוועקגעוואָרפען?

דער הער (באַשיידען)
ניין. מיר האָבען... אַ זון. ווען איר זיינט אַזוי פלוצלונג און גע־היימניספול פאַרשוואונדען, איבערלאָזענדיג דעם מאָדנעם און... באַליידיגענדען בריוו...

דער. (לאַכט)
באַליידיגענדען? דו קאָנסט מיך נאָך באַליידיגען? צו וואָס ביסטו דאָ? האָסטו מיך געזוכט, אָדער צופעליג?

# דריטער אַקט

**דער הער.**
אַ האַלב יאָהר זוך איך אײַך אין אַלע לענדער. און פּלוצלונג היינט, באמת צופעליג... כ'האָב נישט קיין באַקאַנטע און כ'בין אַ־הײַנט, באמת צופעליג... כ'האָב נישט קיין באַקאַנטע און כ'בין אַ־

**דער.**
דאָס איז דער שאָטען, וועלכען כ'קאָן נישט פאַרלירען. זיך פאַר־שטענדיגען — דו האַלטסט, אַז מיר דאַרפען זיך נאָך פאַרשטענדיגען? גוט. לאָז איבער דײַן אדרעס בײַם פּאָרטיע, כ'וועל צו־וויסען געבען, ווען מ'קאָן מיך זען. און אַצינד — אַרויס (חוצפה'דיג) איך בין פאַרנומען.

דער הער נייט, זיך פאַרנייגענדיג, אַרוים. דער, נישט ענטפערנדיג אויף דער באַגריסונג, שטייט מיט אַן'אויסגעצייכנעטער האַנט — אין פּאָזע פון אַ שרעק־לעכער באַגלייט אַ באַזוכער, וואָס'ט אים דערשרעקט.

פאָרהאַנג

די זעלבינע אויסשטאַטונג.

אין דער פרי, פאַר'ן אָנהויב פון די פּראָבעס, דער גייט אַרום פאַרטראַכט מיט גרויסע טריט איבערן צימער. אָנגעטאָן אין אַ ברייטע, בונטע געקעסטעלטע מאַרינאַרקע, אויפן האַלז אַ בונטער שליפס; דער הוט אויף דער פּאַטיליצע. זיין פּנים איז גלאַט אויסגעראַזירט ווי ביי אַן אַקטיאָר. די ברעמען אָנגעבלאָזן, די ליפּען ענערגיש צוזאַמענגעדריקט, — דער אויסזען אַ פאַרכמורעטער און אַ רגזדיגער. מיטן אָנקומען פונם הער'ן בייט זיך דער אויסדרוק, דער פּנים ווערט קלאָוניש באַוועגליך, ווי אַ לעבעדיגע מאַסקע.

אין טיר באַווייזט זיך דער הער. אָנגעטאָן אין שוואַרצען, זייער אָנשטענדיג. דער דאַרער פּנים גלאַנצט אָפּ מיט אַ קרענקליכער געלקייט; אין די מינוטען פון אויפרעגונג פינטעלט ער אָפט מיט די אויסגעלאָשענע, פאַרבלאָזע אויגען. דער באַמערקט אים נישט.

**דער הער.**

גוט מאָרגען, גנעדיגער הער.

**דער.** (זיך אומקערענדיג און צעשטרייט אריינקוקענדיג זיך)

אַ — דאָס זיינט איר!

**דער הער.**

ניט שפּעט?.. נאָר איר זעט אויס אַזוי, ווי איר וואָלט אויף מיך ניט געוואַרט. כ'האָב ניט געשטערט? אָבער איר האָט אַליין באַשטימט די שעה, און איך האָב געוואַגט...



**דער.**

אָן רעווערענסען! וואָס דאַרפסטו האָבען פון מיר? רייד גיכער כ'האָב ניט קיין איבריגע צייט.

**דער הער.** (זיך מיט עקעל ארומקוקענדיג)

כ'האָב גערעכענט, איר וועט מיך איינלאַדען ערגיץ=וואו אין אַן אַנדער אָרט... אין אייער הויז...

**דער.**

איך האָב ניט קיין אַנדער הויז. מיין הויז איז דאָ.

**דער הער.**

אָבער דאָ קאָן מען אונז שטערן...

**דער.**

וועט זיין ערגער פאַר דיר: רייד קירצער.

כ'שווייגט.

**דער הער.**

איר וועט מיך דערלויבען זיך זעצען?

**דער.**

זעץ זיך. פאָרזיכטיגער, דער שטול איז צעבראָכען!

דער הער באַזאָרגט דערשראָקען דעם שטול און קוקט זיך הילפלאָז אַרום; דאָ דאַכט זיך אים אַלץ פאַר געפערליך און משונהדיג. קלייבט אויס אַ פעסטען נאָכן אויסזעהן, באַגילטען דיוואַנדעל און זעצט זיך, שטעלט אַנידער דעם צילינדער, ציט לאַנגזאַם אַראָפּ די צונעקלעפּטע הענטשקעס. דער קוקט זיך גלייכגילטיג צו.

**דער הער.**

אין דעם אַנצוג מיט דעם פּנים מאַכט איר אויף מיר אַ נאָך מער משונהדיגען איינדרוק. אויב נעכטען האָט זיך עס אַלץ באַוויזען פאַר אַ חלום, זיינט איר היינט...

**דער.**
דוס'ט פֿאַרגעסען ווי מען רופֿט מיך? מ'רופֿט מיך דער.

**דער הער.**
איר ווילט מיר אַנטשיידען זאָגען דו?

**דער.**
אַנטשיידען. אָבער דאָ שליידערסט די צייט ווי אַ קליין. איל זיך צו.

**דער הער.**
איך ווייס, באמת, ניט... דו איבעררײַשט מיך אַלץ אַזוי... די אַפּישען, די פֿערד, די חיות, פֿאַרביי וועלכע כ'בין דורכגעגאַנגען, זוכענדיג אײַך... ענדליך איר! אַ קלאָאון עפּיס אין אַ צירק! (לאַכט און אָנשטענדיג שמייכלענדיג) האָב איך דען געקאָנט ערוואַרטען? וואָרהאַפֿטיג, ווען דאָרטען האָבען אַלע בעשלאָסען, אַז איר זײַנט געשטאָרבען, האָב איך אײנער זיך אַרויסגעזאָגט געגען: כ'האָב געפילט, אַז איר זײַנט נאָך לעבעדיג... אָבער געפינען אײַך אין אַזאַ אַנטוראַזש — דאָס איז איבער מײַן פֿאַרשטאַנד!

**דער.**
דוס'ט געזאָגט, אַז בײַ אײַך איז אַ זון געבוירען. ער איז ניט ענליך אויף מיר?

**דער הער.**
כ'פֿאַרשטיי ניט!..

**דער.**
דו ווייסט אַ פּנים ניט, אַז בײַ אַלמנות און גרושות זײַנען זייערע קינדער פֿון נײַעם מאַן אָפט ענליך צום אַלטען? מיט דיר האָט דאָס אומגליק ניט פּאַסירט? (לאַכט) און דײַן בוך האָט אויך ערפֿאָלג, האָב איך געהערט?

**דער הער.**
איר ווילט מיך פֿון דאָס ניי באַליידיגען...

**דער.** (לאַכט)
וואָס פֿאַר אַנ'אַמביציעזער און וואָס פֿאַר אַנ'אומרויִגער אָשוסט!



זיך, זיך רויג — דאָ איז אָנגענומען אַזוי צו ריידען. צו וואָס האָסטו מיך געזוכט?

**דער הער.**
מײַן געוויסען...

**דער.**
דו האָסט ניט קיין געוויסען. אָדער ביסטו אומרויִג געוואָרען, וואָס דוס'ט מיך ניט אינגאַנצען באַ'גנבעט און ביסט געקומען נאָך דאָס איבעריגע? וואָס אָבער קאָנסטו נאָך נעמען בײַ מיר? מײַן לצנישען מיצעל מיט די גלעקלאַך? אים וועסטו ניט נעמען: ער איז צו גרויס פֿאַר דײַן געפּליכטען מח! קריך צוריק, בילער=וואָרים.

**דער הער.**
איר קאָנט ניט פֿאַרגעבען, וואָס אײַער פרוי...

**דער.**
צום טײַוועל מײַן פרוי!

דער הער איז איבעררײַשט, און הויבט אויף די ברעמען. דער לאַכט.

**דער הער.**
כ'ווייס וואָרהאַפֿטיג ניט... אָבער וואָס פֿאַר אַ לשון! איך אַנטזאָג זיך אַנטשיידען אויסצודריקען מײַנע געדאַנקען... אין דער אַטמאָספֿער. נאָר אויב איר זײַנט אַזוי... גלײַכגילטיג צו אײַער פרוי, וועלכע — כ'ערלויב זיך עס אונטערשטרײַכען — האָט אײַך געליבט און געהאַלטען פֿאַר אַ הייליגען מענטשען... (דער לאַכט) וואָס האָט אײַך געבראַכט צו אַזאַ מין... טריט? אָדער איר קאָנט מיר ניט שענקען מײַן ערפֿאָלג... אמת ניט אינגאַנצען פֿאַרדינטען און מיט אײַער דערנידערונג מיינט איר נקמה נעמען בײַ מיר און בײַ אַלע אַנדערע, וואָס האָבען אײַך ניט פֿאַרשטאַנען? אָבער איר זײַנט אַלע מאָל געווען אַזוי גלײַכגילטיג צו רום! אָדער אײַער גלײַכגילטיקייט איז געווען מער

ניט אַ פאַרשטעלעניש, און ווען אַ מער גליקליכער קאָנקורענט...

**דער.** (צולאַכט זיך)
קאָנקורענט! דו — אַ קאָנקורענט?

**דער הער.** (ווערענדיג בלאַס)
אָבער מײַן בוך!..

**דער.**
דו קאָנסט מיט מיר רײדען וועגען דײַן בוך? מיט מיר?!

דער הער ווערט בלאַס. דער קוקט מיט נײַגיריקײַט און חוזק אויף אים.

**דער הער.** (אויפהויבענדיג די אויגען)
כ'בין זײער — אַן'אומגליקליכער — מענטש.

**דער.**
פאַרוואָס?

**דער הער.**
כ'בין זײער אַן'אומגליקליכער מענטש. איר דאַרפט מיר פאַר=
געבען. כ'בין טיף — כ'בין האָפענונגסלאָז און גרעניצלאָז אומגליקליך.

**דער.**
פאַרוואָס אָבער, סוף=כל=סוף? דערקלער מיר. (גייט אום) דוס'ט
אַליין געזאָגט: דײַן בוך האָט אַ רױשענדיגען ערפאָלג, דו ביסט
באַוווּסט, דו ביסט באַרימט; ניטאָ קײן גאַסען=צײַטונג, וואו
עס זאָל ניט געבראַכט ווערען דײַן נאָמען און... דײַנע געדאַנ=
קען. ווער האָט מיך געקענט? ווער האָט געדאַרפט האָבען מײַנע
שווערע פלוידערניש, אין וועלכער ס'איז קײן זינען ניט אַרויסצוגע=
פינען? דו — דו, דער גרויסער באַשמוצער! — האָסט געמאַכט מײַנען
געדאַנקען צוטריטבאַר אַפילו פאַר פערד. מיט דער קונסט פון
גרויסען פראָפּאַנאַטאָר, פון אידיען=שנײַדער, האָסטו אָנגעטאָ
מײַן אפּאָלאָ פאַר אַ פריזירער, מײַן ווענערען האָסטו געגעבען
אַ געלען בילעט, צו מײַן ליכטיגען העלד האָסטו צוגעשטעלט די
אויערן פון אַנ'אײזעל, און דאָ איז דײַן קאַריערע שוין געמאַכט,



וויי דזשעקסאָן זאָגט. און וואוהין איך זאָל ניט גײן, קריכט זיך
אויף מיר די גאַנצע גאַס מיט טויזענטער פרצופים און וועל=
כע — אָ, חוזק! — איך דערקען די געשטאַלטען פון מײַנע אײ=
גענע קינדער. אָ, ווי העסליך מוז דאָס זײַן דײַן זון, וועלכער
איז ענליך צו מיר! פאַר וואָס=זשע ביסטו אומגליקליך — אום=
גליקליכער?

דער הער לאָזט אַראָפּ די קאָפּ, רײַבט די הענטשקעס.

— דיר האָט דאָך די פּאָליצײ נאָך ניט געכאַפּט? וואָס פלוי=
דער איך — דיך קאָן מען אַ פנים כאַפּען? דו ביסט אַלעמאָל
אין די גרעניצען פון געזעץ. אויך איצטער קווּעלסטו זיך אי=
בער דעם, וואָס דו ביסט מיט מײַן ווײַב ניט געשטאַנען אונ=
טער דער חופּה: בײַ דײַנע גנבות איז אַלעמאָל אַ נאָטאַריוס
דערבײַ. וואָס דאַרפסטו זיך קווּעלען, מײַן פרײַנד: האָב חתונה!
איך בין געשטאָרבען. אָבער דיר איז קנאַפּ מײַן ווײַב? הערש
מיט מײַן רום — ער איז דײַנער! הערש מיט מײַנע אידעען...
טרעט אַרײַן אין דײַנע רעכט, געזעצליכסטער יורש! איך בין
געשטאָרבען! און שטאַרבענדיג (מאַכט אַ טעמפּ=פרומען פנים) דיר
מוחל געווען.

צעלאַכט זיך.

דער הער הויבט אויף דעם קאָפּ און שטעלט, זיך אײַנבייגענדיג, אויס זײַן
אויסגעלאָשענעם בליק אויף דערן.

**דער הער.**
און שטאָלצקײַט?

**דער.**
דו — שטאָלץ?

דער הער גלײַכט זיך אויס און שאָקעלט שווײַגענדיג מיטן קאָפּ.

**דער.**
פֿונדעסטוועגען!.. אָבער רוק זיך אָפּ, איך בעט דיך, מיר איז אומאַנגענעם. מען זאָל נאָר אַ קלער טאָן, אַז איך האָב דיך ווען עס איז אַ ביסעל ליב געהאַט און זאָגאַר געהאַלטען פאַר טאַלאַנטפֿול! דיך — מײַן פלאַכען שאָטען!

**דער הער.** (שאָקלענדיג מיטן קאָפּ)
כ'בין — אײַער שאָטען.

דער גײט אום איבערן צימער און קוקט איבערן שולטער, שמײכלענדיג, אויפֿן הערן.

**דער.**
ניין — דו ביסט פרעכטיג. אָבער וואָס פאַר אַ קאָמעדיע! וואָס פֿאַר אַ ריזרענדיגע קאָמעדיע! הער אויס, זאָג אָפען און גלײַך, אויב דו קאָנסט: שטאַרק האַסטו מיך?

**דער הער.**
יאָ. מיט דער גאַנצער שנאָה, וועלכע ס'איז דאָ אויף דער ערד. זעצט זיך דאָ.

**דער.**
דו באַפֿעלסט?

**דער הער.**
זעצט זיך דאָ. איך דאַנק אײַך. (זיך אײַנבוײגענדיג) איך בין געשעצט און פֿאַרמאָג רום — יאָ? איך האָב אַ ווײַב און אַ זון — יאָ? (לאַכט שטיל) אָבער מײַן ווײַב ליבט אײַך: אונזער באַליבטסטער שמועס איז וועגען אײַער גאונות... זי האַלט אײַך פֿאַר אַ גאון, מיר ביידע ליבען אײַך אַפֿילו אין בעט. טסס! קרימען דאַרף איך זיך. מײַן זון — יאָ, ער וועט זײַן ענליך צו אײַך. און בעת, אָפּצורוען זיך פֿון דאָס פרעמדע, גײ איך צו מײַן טיש,



צו מײַן טינטער, צו מײַנע ביכער — שטויס איך זיך דאָרטען אויך אָן אויף אײַך. שטענדיג — איר, אומעטום=איר, און קיינ=מאָל ניט איך אַליין, קיינמאָל גיט איך איינער אַליין. און בעת בײַנאַכט — פֿאַרשטײט זשע, גנעדיגער הער! גײ איך אוועק צו מײַנע אײנזאַמע רעיונות, צו די בײַנאַכטיגע שלאָפֿלאָזע מחשבות — געפֿין איך אויך דאָרטען, אין מײַן אומגליקליכען מאַרך, אײַער געשטאַלט.. אײַער פאַרפלוכטען, אײַער פאַרהאַס=טען געשטאַלט!

מ'שווײַגט. דער הער וואַרפט זיך אָפּ און בינטעלט.

**דער.** (מורמעלט)
וואָס פאַר אַ קאָמעדיע, ווי אַלץ איז וואונדערליך איבערגעקערט אין דער דאָזיגער וועלט: דער באַרויבטער — לאָזט זיך אויס פֿאַרן רויבער, דער רויבער — באַקלאָגט זיך אויף דער גנבה און שילט!.. (לאַכט) הער אויס: ביסט ניט מײַן שאָטען, כ'האָב געהאַט אַ טעות. ביסט — דער המון. לעבענדיג דורך מיר, האַסטו מיך. אָטעמענדיג דורך מיר, שטיקסטו זיך פֿון בייזקײַט. און זיך שטיקענדיג פֿון בייזקײַט, האַסענדיג, פאַראַכטענדיג מיך — שלעפסטו זיך נאָך אין עק פֿון מײַנע אידעען... אָבער מיטן הינטען פֿאָראויס! מיטן הינטען פֿאָראויס, חבר! אָ, וואָס פֿאַר אַ פראַכטפֿולע קאָמעדיע!

גײט אום שמײכלענדיג. מ'שווײַגט.

**דער.**
הער אויס: און דיר וועט ניט ווערען לײַכטער, אויב איך וועל... באמת שטאַרבען?

**דער הער.**
יאָ. איך מײן. דער טויט שאַפט אַ שטרעקע און פֿאַרטויבט דעם

זכרון, דער טויט... געוואוינט איין. אָבער איר זיינט ניט ענליך אויף אַ מענטשען, וועלכער...

**ד ע ר.**

יאָ, יאָ... דער טויט! ס'פאַרשטייט זיך!

**ד ע ר ה ע ר.**

זעצט זיך דאָ.

**ד ע ר.**

כ'האָרך. נו?

**ד ע ר ה ע ר.**

ס'פאַרשטייט זיך, כ'וואַג ניט צו בעטען איייך... (קרימט דעם מויל) צו בעטען אייך שטאַרבען, אָבער זאָגט: איר וועט זיך קיינמאָל ניט אומקערען אהין? ניין, ניט לאַכט... איר ווילט, כ'וועל אייך אַ קוש טאָן די האַנט? ניין, מען דאַרף זיך ניט קרימען. כ'וואָלט דאָך אייך אַ קוש געטאָן די האַנט, אַז זי וואָלט געוואָרען... אַ טויטע?

**ד ע ר.** (שטיל)

אַוועק, שרק!

שפילענדיג (ווי אין ערשטען בילד), גייען אַריין מיט קליינע טריטעלאך טילי און פּאָלי, זעען לאַנג ניט די שמועסענדיגע.

**ד ע ר.**

זשאַק...

**ט י ל י.**

אַ גוט מאָרגען, דער. מיר שטודירען. ווייסט, זייער שווער, זשאַק האָט אין קאָפּ אַזוי פיל מוזיק, וויפיל מיין דבר-אַחר.

**ד ע ר.** (גלעטגילטיג)

ס'איז מיין פריינד... צום בענעפיס?

די קלאָאונען מאַכען, באַגריסענדיג, אַניאידיאָטישען פּנים.





**פּ אָ ל י.**

יאָ, און דו וואָס גרייטסט? ביסט אַ געשייטער, דער. קאָנסועללאָ האָט געזאָגט, אַז דו גרייטסט צו איר בענעפיס. זי גייט אין גיכען אַוועק, ווייסטו?

**ד ע ר.**

אמת?

**ט י ל י.**

זינידע האָט געזאָגט, אַז ניט וואָלטען זיי געגעבען אַ בענעפיס? אָבער זי איז אַ וואוילע מיידעל.

**פּ אָ ל י.** (נעמענדיג ס'פּיפּעלע)

נו? און ניט גיי אַזוי, ווי כלומרשט א העלפאַנד. ביסט אַ כוראַ-שיק. נו?

גייען שפילענדיג אַוועק.

**ד ע ר ה ע ר.** (שמייכלענדיג)

דאָס זיינען אייערע נייע חברים? וואָס פאַר אַ מאָדנע זיי זיינען!..

**ד ע ר.**

דאָ איז אַלץ מאָדנע.

**ד ע ר ה ע ר.**

אָט דער קאָסטיום אייערער... אייך האָט אַזוי געקליידט שוואַרץ. פון אים שווינדעלט אין די אויגען.

**ד ע ר.** (זיך באַקוקענדיג)

ניין, ס'איז שיין. — ס'האָט זיך אָנגעהויבען די פּראָבע, דאַרפסט אַוועקגיין. שטערסט.

**ד ע ר ה ע ר.**

אָבער איר האָט ניט געענטפערט אויף מיין פראַגע!

אויף דער אַרענע שטילע קלאַנגען פון טאַנגאָ. אַ קליינער אָרקעסטער.

**דער.** (הערענדיג די מוזיק צעשטרייט)

אויף וועלכע?

**דער הער.** (ניט הערענדיג די מוזיק)

איך בעט אייך מיר זאָגען: איר וועט זיך ווען עס איז אומ־קערען אהין, אָדער ניט?

**דער.** (האָרכענדיג די מוזיק)

קיינמאָל ניט... קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט.

**דער הער.** (אויפשטייענדיג)

כ'דאַנק אייך. כ'גיי אַוועק.

**דער.**

קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט... יאָ, גיי אַוועק — און ניט קער זיך אום. דאָרטען ביסטו געווען נאָך דערטרעגליך און אויף עפּיס נויטיג, און דאָ ביסטו אַנ'איבעריגער.

**דער הער.**

אָבער אויב מיט אייך וועט וואָס פּאַסירען?.. איר זיינט אַ מענטש אַ געזונטער, נאָר אין אַזאַ מין אנטוראַזש, אַזוינע מיני מענט־שען... ווי וועל איך זיך דערוויסען דעמאָלט? אייער נאָמען איז דאָ ניט באַקאַנט?

**דער.**

מיין נאָמען איז דאָ ניט באַקאַנט, נאָר דו וועסט זיך דערוויסען. נו, וואָס נאָך?

**דער הער.**

איך קאָן זיין רויג? איר גיט מיר אייער עהרען־וואָרט? ס'פאַר־שטייט זיך — פאַרהעלטניסמעסיג רויג.

**דער.**

יאָ, דו קאָנסט זיין פאַרהעלטניסמעסיג רויג. קיינמאָל ניט!

גייען צום טיר. דער הער שטעלט זיך אָפּ.

**דער הער.**

און איך מעג זיין אין צירק... איר דערלויבט?



**דער.**

ס'פארשטייט זיך: ביסט דאָך עולם! (לאַכט) אָבער קיין קאָנטראַ־מאַרקע וועל איך דיר ניט געבען. און צו וואָס באַדאַרפסטו דאָ זיין? דו ליבסט אזוי צירק? פון ווען אָן?

**דער הער.**

מיר ווילט זיך נאָך אַמאָל אייך אַ קוק טאָן און אפשר, באַג־רייפען... אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע! אייך קענענדיג, קאָן איך ניט דערלאָזען, אז אויך דאָ זאָלט איר ניט מיינען אַ העלכע ס'איז אידעע. אָבער וועלכע?

קיקט זיך קורצזיכטיג איין אין דערן. דער קריטט אוים אַ פרצוף און מאַכט לצניש מיטן נאָז.

**דער הער.**

וואָס איז דאָס?

**דער.**

מיין אידעע! — כ'האָב די עהרע זיך פאַרנייגען, פירשט! מיין גרוס אייער הויכגעהערטער פרוי און דעם הויך־וואוילגעבוירע־נעם זון פון אייער דורכלויכט!..

ס'קומט אַריין מאַנטשיני.

**מאַנטשיני.**

דו וואוינסט ממש אין צירק, דער. ווען איך זאָל ניט קומען, ביסטו שוין דאָ... כ'איז אַ פּאַנאַטיקער פון זיין זאַך, גנעדיגער הער...

**דער.** (באַקאַנטמאַכענדיג)

פירשט פאָניאַטאָווסקי! גראַף מאַנטשיני!

**מאַנטשיני.** (זיך צורעכטמאַכענדיג)

זייער, זייער אַנגענעם. איר קענט פירשט אויך מיין צודרייטען? ניט אמת, וואָס פאר אַ וואוילער פרצוף!

ריִרט אָן מיטן שטעקן דערס פּלייצע.

**דער הער.** (אומגעשיקט)

יאָ, כ׳האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגען, ווי דען... כ׳האָב דעם כבוד, גראַף...

**מאַנטשיני.**

כ׳האָב די עהרע, פּירשט.

**דער.** (באַגלייטענדיג)

פּאַרזיכטיגער, אייער דורכלויכט, אין די פינצטערע דורכגייַנג: דאָ טרעפען זיך אַזוינע טרעפּלאַך. צום באַדויערן האָב איך ניט די מיגלעכקייט אייך ארויסצופירען אַליין אויפן גאַס...

**דער הער.** (זיך אָפּשטעלענדיג, שטיל)

איר וועט מיר נישט דערלאַנגען די האַנט צום אָבשייד? מיר שיידען זיך אויף שטענדיג.

**דער.**

ס׳איז איבעריג, פּירשט. כ׳האָב די האָפענונג מיט אייך זיך צו טרעפען אין הימעל=וועלט. איר וועט דאָך דאָרטען אויך זייַן?

**דער הער.**

ווען׳ס איר צייַט געהאַט? אין אייך איז אַזוי פיל קלאָאונישדיגעס.

**דער.**

איך בין דער, וואָס קריגט די פּעטש. צום ווידערזען, פּירשט!

מאַכט נאָך אַ טריט.

**דער הער.** (ערשנקוקענדיג אין דערס אויגען, גאַנץ שטיל)

און איר זייַט — ניט אַראָפּ פון זינען?

**דער.** (אויך אַזוי שטיל, מאַכענדיג גרויסע אויגען)

כ׳האָב מורא... כ׳האָב מורא, אַז איר זייַט גערעכט, פּירשט — (נאָך שטילער) אייזעל! קיינמאָל האָסטו זיך נאָך ניט אויסגעדריקט אַזוי פּינקטליך: איך בין אַראָפּ פון זינען!



שפּילענדיג באַווייַזט ער אַזוי ווי טרעפלאַך — פון קאָפּ צום דיל.

**דער.** (לאַכט)

אַראָפּ! פּירשט — צום ווידערזען!

דער הער גייט אַרויס. דער מאַכט, זיך אומקערענדיג, אַ פּאַ און שטעלט זיך אַנידער אין פּאָזע.

**דער.**

מאַנטשיני — לאָמיר טאַנצען טאַנגאָ! מאַנטשיני — כ׳פאַרגעטער דיר.

**מאַנטשיני.** (זיצט אַנגעלענט און שפּילענדיג זיך מיטן שטעקן)

נו, נו — ניט פאַרגעס זיך, דער. אָבער דו באַהאַלטסט עפּיס, גולם; כ׳פלעג אַלע מאָל זאָגען, אַז דו ביסט פון דער געזעלשאַפט. מיט דיר איז אַזוי לייַכט! און ווער איז דאָס דער פּירשט דייַנער — אַנ׳אמתער?

**דער.**

אויפן העכסטען אופן אַנ׳אמתער. ווי אויך דו!

**מאַנטשיני.**

אַ סימפּאַטישער פּנים, הגם מיט אַמאָל האָב איך אים אָנגענומען עפּיס פאַר אַ קברים=מאַן, ווען ער איז געקומען אָננעמען אַ באַשטעלונג. אַך, דער! — ווען וועל איך זיך ענדליך צעשיידען אָט מיט די שמוציגע ווענט, מיט פּאַפּאַ בריקע, מיט די נאַרישע אַפּישען, מיט די געמיינע זשאָקייען!

**דער.**

איצט אין גיכען, מאַנטשיני.

**מאַנטשיני.**

יאָ, איצט אין גיכען. אַך, דער — כ׳בין פּשוט אָן כחות געבליבען אין דער סביבה, כ׳הויב זיך אָן פילען פאַר אַ פערד. דו ביסט פון דער געזעלשאַפט, נאָר דו ווייסט נאָך ניט, וואָס אַזוינס איז די הויכוועלט! זיך, ענדליך, אָנשטענדיג אָנטאָן,

זײַן אויף אויפנאַמען, גלענצען מיט שאַרפזיניקײַט, טײַלמאָל זיך דורכוואַרפֿען אין באַקאַראַ (לאַכט), ניט זוכענדיג קײַן קונצען און זשאָנגלירונג...

**דער.**

און אין אָוונט זיך אַהערקשפּאַצירען אין פֿאָרשטאָדט, וואו מען האַלט דיך פאַר אַנ'אָרנטליכען פּאַטערל, וואָס ליבט קינדער און...

**מאַנטשיני.**

און עפּיס וואָס אַרײַנכאַפּען, יאָ! (לאַכט) כ'וועל טראָגען אַ זײַדענע מאַסקע און מיר וועלען נאָכגײַן צוויי לאָקײַען, אַז דער נידערטרעכטיגער פּלעבס זאָל מיך ניט באַלײדיגען... — אַך, דער, אין מיר זידט דאָס בלוט פֿון מײַנע אָבות! גיב אַ קוק אויף דעם שטילעט: ווי מײַנסטו, ער איז ווען עס איז געווען אין בלוט?

**דער.**

דו שרעקסט מיך, גראַף!

**מאַנטשיני.** (לאַכענדיג און אַרײַנלײגענדיג דעם שטילעט)

גולם!

**דער.**

און ווי האַלט עס מיט דער מײדעלע?

**מאַנטשיני.**

טסס! די בירגער זײַנען פֿולשטענדיג באַפרידיגט און בענטשען מײַן נאָמען. (לאַכט) איבערהויפּט צעברענט זיך דער גלאַנץ פֿון מײַן נאָמען מיט אַנ'אום-–גע—הויערען כח! אַגב: דו ווייסט ניט, וועלכע פירמע פֿון אויטאָמאָבילען ס'רעכענט זיך פֿאַר די בעס-טע? געלט איז ניט וויכטיג. (לאַכט) אַ, פּאַפּאַ בריקע!

ס'קומט אַרײַן בריקע, אָנגעטאָן אין פּאַלטאָ און צילינדער. ס'באַגריסט זיך.

**בריקע.**

נו אָט האָסטו זיך דערשלאָגען אַ בענעפיס פֿאַר דײַן קאָנסועללאָ, מאַנטשיני! כ'מוז, אַגב זאָגען, אַז ווען ניט זינידע...



**מאַנטשיני.**

אָבער, הער אויס, בריקע, דו ביסט ממש אַנ'אײזעל: וואָס באַ-קלאָגסטו זיך? אויף קאָנסועללאָס בענעפיס נעמט דער באַראָן דעם גאַנצען פּאַרטער, דיר איז דאָס ווײניג, קמצן?

**בריקע.**

כ'האָב ליב דײַן טאָכטער, מאַנטשיני, און מיר איז אַ שאָד זי' אָפּצולאָזען. וואָס פעלט איר דאָ? אַנ'אָרנטליכע מלאכה, וואוילע חברים — און דאָס לופט?

**מאַנטשיני.**

ניט איר, נאָר מיר פעלט — פֿאַרשטאַנען? (לאַכט) כ'האָב דיר געבעטען, האַרפּאַגאָן: דערלײג, און אצונד וועסטו מיר ניט אויסבײַטען כויזענט כראַנק, דירעקטאָר?

**בריקע.** (מיט אַ זיפֿץ)

ווײַז אַהער.

**מאַנטשיני.** (נאָכלעסיג)

מאָרגען. כ'האָב זיי געלאָזען אינדערהיים.

אַלע דרײַ לאַכען.

**מאַנטשיני.**

לאַכט, לאַכט! און הײַנט פֿאָרען מיר מיטן באַראָן אין זײַן אויסענשטאָדטיגע ווילע; מ'זאָגט, ניט קײַן שלעכטע ווילע...

**דער.**

נאָך וואָס?

**מאַנטשיני.**

נו, דו קאָנסט די קאַפּריזען פֿון די מיליאַרדערען, דער. ער וויל ווײַזען קאָנסועללאָן עפּיס ווינטער-רויזען, און מיר זײַנען קעלער-ער וועט נאָך אונז צופֿאָרען אהער... וואָס איז מיט דיר קאָנסועלינקע?

ס'קומט אַרײַן קאָנסועללאָ כמעט וויינעדיג.

קאָנסועללאָ.

כ'קאָן ניט, פּאַפּאַ, זאָג אים! וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער צו שרײַען אויף מיר? ער האָט מיך שיעור ניט אַ שמיץ געטאָן מיטן בײַטש.

מאַנטשיני. (זיך אויסגלײַכנדיג)

בריקע! איך בעט אײַך, ווי דעם דירעקטאָר... וואָס איז עס פאַר אַ פערדען-שטאַל? מײַן טאָכטער — מיטן בײַטש? איך וועל דעם שנעק! עפּיס אַ זשאָקיי — ניין, ס'איז דער טײַוועל ווייס וואָס! דער טײַוועל ווייס וואָס, איך שווער!

קאָנסועללאָ.

פּאַפּאַ...

בריקע.

יאָ, כ'וועל זאָגען...

קאָנסועללאָ.

אַך, ניין דאָך! אַלפרעד האָט מיך גאָרניט געטאָן קיין שמיץ, כ'האָב אַזוי נאַריש געזאָגט. וואָס האָט איר אויסגעטראַכט? ער אַליין באַדויערט אַזוי...

בריקע.

פונדעסטוועגען וועל איך זאָגען, אַז...

קאָנסועללאָ.

ניט וואַג! מ'דאַרף ניט ריידען. ער האָט גאָרניט געטאָן!

מאַנטשיני. (זיך נאָך קאָכענדיג)

ער דאַרף זיך אַנטשולדיגען, דער שנעק.

קאָנסועללאָ.

אַך, ער האָט זיך דאָך אַנטשולדיגט — ווי נאַריש איר זײַט אַלע! פּשוט מיר גיט זיך הײַנט ניט אײַן, און איך האָב זיך אויפגערעגט, קלייניגקײַטען. ער האָט זיך אַזוי אַנטשולדיגט, דער נאַר, און איך האָב ניט געוואָלט פאַרגעבען. דער, ליבער, גוט מאָרגען, כ'האָב דיך ניט באַמערקט... ווי ס'קליידט דיר דער שניפּס. וואוהין גייסטו, בריקע? צו אַלפרעדען?



בריקע.

ניין, סתם אַזוי. כ'גיי אַהיים. זינידע האָט דיך געבעטען גריסען, קינדעלע. זי וועט נאָך הײַנט אויך ניט זײַן.

גייט אַרויס.

קאָנסועללאָ.

וואָס פאַר אַ ליבע איז די זינידע, וואָס פאַר א וואוילע... פּאַפּאַ, פאַר וואָס שײַנען מיר דאָ אַלע איצטער פאַר אַזעלכע ליבע? מסתמא דערפאַר, וואָס כ'וועל אינגיכען אַוועקגיין פון דאַנען. דער, דו'סט ניט געהערט, וואָס פאַר אַ מאַרש ס'וועלען שפּילען טילי און פאָלי? (לאַכט) אַזאַ פריילינען.

דער.

יאָ, געהערט. דײַן בענעפיס וועט זײַן מערקווירדיג.

קאָנסועללאָ.

כ'מיין אַליין. פּאַפּאַ, איך וויל עסען. באַשטעל מיר צו פּוטער-ברויט.

דער.

איך וועל צולויפען, פריינצעסין.

קאָנסועללאָ.

לויף צו, דער. (שרײַט) נאָר מיט קעז דאַרף מען ניט!

מאַנטשיני און קאָנסועללאָ זײַנען אַליין. זיך אָנגעלענט אין פאָטעל, קוקט מאַנטשיני קריטיש אַרום די טאָכטער.

מאַנטשיני.

אין דיר איז הײַנט דאָ עפּיס אויסערגעוויינליכעס, קינד... כ'ווייס ניט, בעסער, אָדער ערגער. דו'סט געוויינט?

קאָנסועללאָ.

יאָ, אַ ביסעל. אַך, ווי כ'וויל עסען!

**מאַנטשיני.**

דו'סט דאָך געפּרישטיקט...

**קאָנסועללאָ.**

דאָס איז דאָך די געשיכטע, וואָס ניט. דו'סט היינט ווידער פאַרגעסען לאָזען געלט, און אָן געלט...

**מאַנטשיני.**

אַך, דער טײַוועל זאָל דאָס נעמען! אַ זכּרון! (לאַכט) אָבער היינט װעלען מיר גוט אָפּעסען, ניט זעך זיך אָן אויף פּוטער־ברויטען. ניין, דו ביסט מיר ממש געפעלען. דו דאַרפסט נאָך וויינען, קינד, דאָס וואַשט צוראָפּ פון דיר די איבעריגע נאַאיוויטעט, ביסט מער פרוי.

**קאָנסועללאָ.**

בין איך אַפּנים אַזוי נאַאיוו, פּאַפּאַ?

**מאַנטשיני.**

זייער! צו פיל! אין אַנדערע ליב איך עס, אָבער אין דיר... און דער באַראָן...

**קאָנסועללאָ.**

נארישקייטען. כ'בין ניט נאַאיוו. אָבער ווייסטו, בעזאַנאָ האָט מיך אַזוי בעזידעלט, אַז דו וואָלסט זיך אויך צעוויינט. דער טײַוועל ווייס וואָס!

**מאַנטשיני.**

טסס! זאָלסט קיינמאָל ניט זאָגען: דער טײַוועל ווייס וואָס. ס'איז ניט שיין.

**קאָנסועללאָ.**

איך זאָג נאָר מיט דיר.

**מאַנטשיני.**

מיט מיר דאַרף מען אויך ניט — כ'ווייס אַזוי אויך. (לאַכט)

קלאַנגען פון אַן'אויסערגעוויינליך שטורמדיגען און שטראָמענדיגען צירקען־האַלאָפּ, הילכיגע אויסגעשרייען, דאָס קנאַקען פון בײַטש.



**קאָנסועללאָ.**

אַך האָרך, פּאַפּאַ! דאָס איז אַלפרעדס נײַער גימער. ער מאַכט אַזאַ שפּרונג... דזשים זאָגט, אַז ער וועט זיך אומבאַדינגט אויס־דרייען דעם קאַרק. אָרימינקער.

**מאַנטשיני.** (גלײַכגילטיג)

אָדער די פיס, אָדער דעם רוקען, זיי ברעכען זיך עפּיס אַלע אויס. (לאַכט) זיך ברעכענדיגע שפּילצײַג!

**קאָנסועללאָ.** (האָרכנדיג די מוזיק)

מיר וועט זײַן לאַנגווײַליג אָן זיי, פּאַפּאַ. דער באַראָן האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט מאַכען פאַר מיך אַ רייף, אין וועלכען איך קאָן שפּרינגען, וויפיל איך וויל... ער לײַגט ניט?

**מאַנטשיני.**

אַ רייף? (לאַכט) ניין, דאָס לײַגט ער ניט! אַגב, מײַן קינד, וועגען באַראָנען דריקט מען זיך ניט אויס: ער לײַגט, נאָר ער זאָגט ניט אמת.

**קאָנסועללאָ.**

אַלץ איינס! ס'איז גוט צו זײַן אַ רײַכער, פּאַפּאַ, מ'קאָן אַלץ מאַכען.

**מאַנטשיני.** (אנטציקט)

אַלץ! אַלץ, קינד מײַנס! אַך, היינט באַשליסט זיך אונזער מזל, בעט דעם גנעדיגען גאָט, קאָנסועללאָ: דער באַראָן הײנגט אויף אַ פעדימל.

**קאָנסועללאָ.** (גלײַכגילטיג)

יאָ?

**מאַנטשיני.**

אויפן דינסטיגן זײַדענעם פעדימל. איך בין כמעט איבערצײַגט, אַז ער וועט היינט מאַכען דעם פאָרשלאַג. (לאַכט) ווינטער־רויזען און שפּינוועבס צווישען די רויזען, אַז מײַן קליינע פליגעלע... ער איז אַזאַ שפּין!

**קאָנסועללאַ.** (גלײַכגילטיג)

יאָ, אַ מוראַדיגער שפּין. פּאַפּאַ, אין די הענט טאָר מען נאָך ניט לאָזן קושן?

**מאַנטשיני.**

ניט אויף קײן שום פֿאַל. דו קענסט נאָך ניט די מענער, קינד מײַנס...

**קאָנסועללאַ.**

אַלפֿרעד קושט קײנמאָל ניט.

**מאַנטשיני.**

אַלפֿרעד! דײַן אַלפֿרעד איז אַ ייִנגעל און וואַגט ניט; אָבער די מענער, מיט זײ איז נויטיג די גרעסטע אײַנגעהאַלטענקײט, קינד מײַנס. הײַנט וועט ער דיר אַ קוש טאָן די פֿינגערלאַך, מאָרגן — העכער, און איבערמאָרגן — ביסטו שוין בײַ אים אויף די קני!

**קאָנסועללאַ.**

פֿי, פּאַפּאַ, וואָס דו רעדסט! ווי שעמסטו זיך ניט!

**מאַנטשיני.**

אָבער איך ווײס...

**קאָנסועללאַ.**

זאָג ניט! כ'וויל ניט הערן די געמײנהײטן. כ'וועל דעם באַראָן געבן אַזאַ פּראַסק, ערגער ווי דערן. זאָל ער זיך נאָר אַ רוק טאָן.

**מאַנטשיני.** (פֿונאַנדערשטרעקנדיג באַדויערנד די הענט)

אָבער אַלע מענער זײַנען אַ זעלכע, קינד.

**קאָנסועללאַ.**

ניט אמת. אַלפֿרעד איז ניט אַ זעלכער! אַך, נו וואָס איז מיט דערן. געזאָגט: איך לויף, און איז אַלץ ניטאָ.

**מאַנטשיני.**

דער בופֿעט איז צו, און ער דאַרף קריגן. קאָנסועללאַ, כ'וויל דיר נאָך זאָגן, ווי אַ פֿאָטער, מכּח דערן: ניט גלויב אים. ער איז עפּיס, ווײסטו אַזוי... (דרײט מיט די פֿינגער געבן קאָפּ), ער שפּילט ניט זויבער!



**קאָנסועללאַ.**

דו רעדסט וועגן אַלעמען אַזוי. איך קען דערן: ער איז אַזאַ ליבער און האָט מיך ליב.

**מאַנטשיני.**

גלויב מיר: דאָרטן איז עפּיס פֿאַראַן.

**קאָנסועללאַ.**

פּאַפּאַ, סט'דערעסען מיט דײַנע עצות! אַך, דער, מערסי.

דער, אַ ביסעל פֿאַרשמאַיעט, דערלאַנגט פּוטער-ברויטען.

**דער.**

עס, קאָנסועללאַ.

**קאָנסועללאַ.**

ער איז נאָך וואַרים, — ביסט אַזוי געלאָפֿען, דער? כ'בין דיר אַזוי דאַנקבאַר! (עסט) דער, דו'סט מיך האָלט?

**דער.**

האָלט, מלכּה. כ'בין דײַן הויף־לץ.

**קאָנסועללאַ.** (עסט)

און אַז איך וועל אַוועק, וועסטו זיך נעמען אַן אַנדערע מלכּה?

**דער.** (מאַכענדיג אַ רעווערענס)

כ'וועל דיר נאָכגײן, אומפֿאַרגלײַכבאַרע. כ'וועל טראָגן דײַן ווײַסען שלײַף און ווישן מיט אים די טרערען. (ווײנט כּלומרשט)

**מאַנטשיני.**

גולם! (לאַכט) ווי אַ שאָד איז אָבער, דער, וואָס ס'זײַנען אַוועק די פּראַכטפֿולע צײַטען, ווען אין מאַנטשיניס פּאַלאַץ פֿלעגען זיך קרימען צענדליגער בונטע לצים, וועלכע זײ פֿלעגען געבן גאָלד און קלעפּ. איצט מוז מאַנטשיני גײן אין שמוציגען צירק צו זען אַ רעכטען לץ, און ערשט — וועמעס איז ער? מײַנער? נײן, יעדערנס, ווער ס'האָט באַצאָלט אַ פֿראַנק... אינגיכען וועט מען פֿון דער דעמאָקראַטיע ניט קאָנען אָטעמען, דער. זי דאַרף

אויף האָבען לצים. — דו באטראַכט נאָר, דער, וואָס פאַר אומגעהערטע חוצפה!

**דער.**

מיר דינען דעם, ווער ס'צאָלט, — וואָס טוט מען, גראַף!

**מאַנטשיני.**

איז דאָס אָבער ניט טרויעריג? דו שטעל זיך נאָר פאָר: מיר זיצען אין מיין שלאָס; איך ביים קאמין זויג ווין, און דו ביי מיינע פיס פלוידערסט נאַרישקייטען, קלינגסט מיט די גלעקלאַך און אַמוזירסט מיך. מיט עפיס כאַפּסטו מיר אויך אַ קניפּ טאָן, דאָס פלעגט דערלאָזען די טראַדיציעס, און ס'איז נויטיג געווען צום צירקולירען פון די בלוטען. נאָכדעם ביסטו מיר דערעסען, מיר האָט זיך פארגלוסט אַנ'אַנדערן — און כ'גיב דיר אַ שטויס... דער, ווי דאָס וואָלט געווען הערליך!

**דער.**

עס וואָלט געוועזען געטליך, מאַנטשיני!

**מאַנטשיני.**

נו, יאָ, און דו וואָלסט באַקומען געלד, צויבערנדיגע געלע שטיקלאַך. ניין, אַז איך וועל רייך ווערען, נעם איך דיך — ס'איז באַשלאָסען.

**קאָנסועללאָ.**

נעם אים, פּאַפּאַ.

**דער.**

און בעת דער גראַף, מיד פון מיין פלוידעריי, וועט מיר געבען אַ שטויס מיט זיין דורכלויכטיגער פוס, וועל איך זיך לייגען ביי די פיס פון מיין מלכה און וועל...

**קאָנסועללאָ.** (לאַכענדיג)

וואַרטען אויף דאָס זעלביגע? נו, כ'האָב געענדיגט. גיב מיר אַ טיכעל, פּאַפּאַ, אָפּצווישען די הענט, דו האָסט אין יענער קעשענע אַ צווייטע. אַך, גאָט, מען דאַרף נאָך אַרבייטען!



**מאַנטשיני.**

אָבער נישט פאַרגעס, קינד!

**קאָנסועללאָ.**

כ'וועל היינט נישט פאַרגעסען, פּאָר.

**מאַנטשיני.** (קוקט אויפ'ן זייגער)

יאָ, שוין צייט. ער האָט מיך געבעטען צו פאָרען צו אים, אַז דו וועסט זיין פאַרטיג. איידער כ'וועל זיך אומקערען... דו דאַרפסט זיך נאָך איבערטאָן. (לאַכט) Signori! Mie complimenti!

שפּילענדיג מיטן שטעקען, גייט ער אַוועק. קאָנסועללאָ זעצט זיך אין ווינקעל פון דיוואַן, זיך אייגנטלענדיג אין טיך.

**קאָנסועללאָ.**

נו, דער, לייג זיך ביי מיינע פיס און דערצייל עפּעס פריילעכס... ווייסט, אַז אויף דיר איז אָנגעמאָלט א געלעכטער, ביסטו שענער, אָבער אַזוי ביסטו אויך זייער, זייער מילד! נו — דער? פאַרוואָס לייגסטו זיך ניט?

**דער.**

קאָנסועללאָ! דו נעמסט דעם באַראָן?

**קאָנסועללאָ.** (גלייכגילטיג)

דאַכט זיך. דער באַראָן הייגנט אויף אַ פעדימל. דער, דאָרטען, אין פּאַפּיר, איז געבליבען איין פוטער-ברויטעל, עס אויף.

**דער.**

כ'דאַנק, קעניגין. (עסט) און מיינע נביאות... געדענקסטו?

**קאָנסועללאָ.**

וועלכע?.. ווי גיך דו שלינגסט — וואָס, געשמאַק געוועזען?

**דער.**

געשמאַק. אַז אויב דו וועסט חתונה האָבען מיטן באַראָן...

**קאָנסועללאָ.**

אַך, דאָס! דו האָסט דאָך אָבער דעמאָלט געלאַכט?

**דער.**

ווער ווייס, קעניגין. אָפּטמאָל טרעפט—אַ מענטש לאַכט, און ס'קומט אַרויס אמת: די שטערען ווילען אומזיסט ניט רייַדען. אַז אַפילו אַ מענטשען איז אָפט שווער עפּענען ס'מויל און זאָגען אַ וואָרט, טאָ ווי איז שוין אַ שטערען — באַטראַכט נאָר!

**קאָנסועללאָ.** (לאַכט)

פּטור — אַזאַ מויל!

**דער.**

ניין, מיין קלייניניקע, אויף דיין אָרט וואָלט איך זיך זייער פאַר־טראַכט. פלוצלונג ווערסטו שטאַרבען? ניט נעם דעם באַראָן, קאָנסועללאָ!

**קאָנסועללאָ.** (טראַכטענדיג)

און וואָס איז אַזוינס — דער טויט?

**דער.**

כ'ווייס ניט, מלכה, קיינער ווייס ניט. אַזוי ווי ליבע! דיינע חענט־לאַך אָבער וועלען קאַלט ווערען, און די אויגלאַך זיך פאַר־מאַכען. דו וועסט אוועק פון דאַנען — און די מוזיק וועט שפּי־לען אָן דיר, און אָן דיר וועט שפּרינגען דער משוגענער בעזאַנאַ, און אָן דיר וועלען טילי און פאָלי שפּילען אויף זייערע פייפעלאַך טילי—טילי, פאָלי—פאָלי...

**קאָנסועללאָ.**

מ'דאַרף ניט! מיר איז אַזוי קומערדיג, דערעלע. טילי—טילי, פאָלי—פאָלי...

מ'שווייגט. דער ניט אַ קוק אויף קאָנסועללאָן.

**דער.**

האָסט געוויינט, קאָנסועלעלע?

**קאָנסועללאָ.**

יאָ, אַ ביסעל, מיך האָט אַלפרעד צוערגערט. אָבער באַטראַכט



נאָר: בין איך שולדיג, וואָס ביי מיר קומט היינט ניט אַרויס? כ'האָב זיך דאָך געסטאַרעט, אָבער אַז ס'קומט ניט אַרויס!

**דער.**

פאַרוואָס?

**קאָנסועללאָ.**

אַך, כ'ווייס ניט. דאָ איז עפּיס דאָ אַזוינס (דריקט די האַנט צום האַרצען)... כ'ווייס ניט. כ'בין מסתמא קראַנק, דער. וואָס איז אַזוינס קראַנ־קייט? דאָס טוט זייער וויי?

**דער.**

ס'איז ניט קיין קראַנקייט. ס'איז דער כשוף פון די ווייטע שטערען, קאָנסועללאָ! ס'איז די שטים פון דיין מזל, מיין קליינע מלכה!

**קאָנסועללאָ.**

רייד ניט, איך בעט דיר, קיין נאַרישקייטען. וואָס האַרט די שטערען פאַר מיר? איך בין אַזאַ קלייניקע. נאַרישקייטען, דער! בעסער דערציייל מיר די אַנדערע מעשה'לע, וואָס דו קאָנסט: וועגען בלויען ים און וועגען יענע געטער, ווייסט? — וועלכע זיינען אַזוי שיין. זיי זיינען שוין אַלע געשטאָרבען?

**דער.**

זיי לעבען. נאָר זיי באַהאַלטען זיך, געטין.

**קאָנסועללאָ.**

אין וואַלד און אויף די בערג? מ'קאָן זיי טרעפען? אַך, דער, באַטראַכט: מיט אַמאָל וואָלט איך געטראָפען אַ גאָט, און ער וואָלט אויף מיר אַ קוק געטאָן! כ'וואָלט אַנטלאָפען. (לאַכט) און היינט פרי, אַז ס'איז ניט געוועזען קיין פרישטיק, איז מיר גע־וואָרען אַזוי אומעטיג, אַזוי עקעלדיג, אַז איך האָב אַ טראַכט געטאָן: וואָלט כאָטש געקומען גאָט און מיר געגעבן עסען! און אַקאָרשט ווי כ'האָב אַ טראַכט געטאָן, האָב איך מיט אַמאָל דערהערט... עהרען וואָרט, אמת. כ'האָב דערהערט: קאָנסועללאָ, עמיץ רופט (מיט כעס) כ'בעט דיר, לאַך ניט!

**דער.**

אִיך לאַך אַפּנים?

**קאָנסועללאָ.**

ערהרען וואָרט, אַנ'אמת. אַך, דער, ער איז דאָך אָבער ניט גע־
קומען. ער האָט מער ניט אַ רוף געטאָן און אַליין זיך באַהאַל־
טען, זוך אים! און מיר האָט אַזוי ווי געטאָן און ס'טוט ביז
איצטער ווי... צו וואָס האָסטו מיר דערמאָנט מיין קינדהייט? —
כ'האָב אים גאָר פאַרגעסען. דאָרטען איז געוועזען דער ים...
און נאָך עפּיס... אַ סך, אַ סך... (פאַרמאַכט די אויגען, שמייכעלט)

**דער.**

דערמאָן זיך, קאָנסועללאָ!

**קאָנסועללאָ.**

ניין. (עפענענדיג די אויגען) אַלץ פאַרגעסען! (באַנעמט מיט די אויגען דאָס
צימער) דער, דו זעסט, וואָס פאַר אַנ'צאַפּישע ס'וועט זיין אויף
מיין בענעפיס? דער פּאַפּא האָט אַליין אויסגעטראַכט און דעם
באַראָן געפעלט אויך, ער'ט געלאַכט.

מ'שווייגט.

**דער.** (שטיל)

קאָנסועללאָ, מלכה מיינע! פאָר ניט היינט צום באַראָן.

**קאָנסועללאָ.**

פאַרוואָס עפּיס? (נאָכשווייגענדיג) וואָס ביסטו אָבער פאַר אַ חצוף, דער.

**דער.** (אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ, שטיל)

איך וויל ניט.

**קאָנסועללאָ.** (שטייט אויף)

וואָס אַזוינס? דו ווילסט ניט?

**דער.** (נאָך נידריגער אראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ)

איך וויל ניט דו זאָלסט נעמען דעם באַראָן. (זיך בעטענדיג) איך...
איך וועל ניט דערלויבען... איך... בעט זייער!



**קאָנסועללאָ.**

ווּעמען דען ווילסטו? אפשר דיך, לץ? (לאַכט בייז) ביסט צודרייט,
פריינד? איך וועל ניט דערלויבען... ער! ער וועט מיר ניט
דערלויבען! ניין, ס'איז פשוט אונערטרעגליך! וואָס האַרט עס
דיר פאַר מיר? (גייט אום איבערן צימער, קוקענדיג איבערן סולטער, בייז
אויף דערן) א מין לץ, אַ קלאָאון, וועלכען מ'זועט כאָרגען אַרויס־
יאָגען פון דאַנען! האָסט מיר דערעסען מיט דיינע שוטהישע
מעשהלאַך... אָדער דו ליבסט אזוי פּעטש? אַ שוטה, וואָס האָט
ניט געקאָנט אויסקלערען קיין בעסערס: פּעטש!

**דער.** (ניט אויפהויבענדיג די אויגען)

פאַרגיב, מלכה.

**קאָנסועללאָ.**

איז צופרידען, וואָס מען לאַכט פון אים... אויך, אַ גאָט!.. ניין,
כ'וועל ניט פאַרגעבען. כ'קען דיך: ביי דיר דרייט זיך עפּיס אָט
דאָ! (ווייזט אויפן קאָפּ) לאַכט... אזאַ ליבער... שפּילט, שפּילט און
דערנאָך פלוצלונג — באַץ, אַ זאָג געטאָן: האָרכט אים! האָסט זיך
אָבגעבריט, פריינד, ניט געטראָפען די געהעריגע? נאַ, טראָג מיין
שלייף, דאָס איז דיין עסק... לץ!

**דער.**

איך וועל טראָגען דיין שלייף, קעניגין. פאַרגיב מיר. קער מיר
אום דעם געשטאַלט פון מיין גנעדיגער און שיינער געטין.

**קאָנסועללאָ.** (זיך באַרויגענדיג)

ווידער שפּילסטו?

**דער.**

כ'שפּיל.

**קאָנסועללאָ.**

זעסטו! (זעצט זיך לאַכענדיג) נאַרישער דער!

**דער.**

כ'זע אַלץ, קעניגין. איך זע ווי דו ביסט שיין — און זע ווי
נידעריג עס שפּרייט זיך אויס ביי דיינע פיסלאַך דיין אָרימער

לין... ערגיץ־וואו אין אָבגרונד קלינגען זיינע גלעקעלאַך די נאַ־ רישע, און ער בעט זיך אויף די קני ביי דיר: פֿאַרגיב און האָב רחמנות אויף אים, געטליכע. ער איז געוועזן חוצפּהדיג און גאוהדיג, ער האָט געשפּילט אַזוי לוסטיג, אַז ער האָט זיך פאַרשפּילט — און פאַרלאָרען זיין פּיצעלדיגען פאַרשטאַנד, די לעצטע רעשטלאַך פֿון זיין שכל — פֿאַרגיב!

קאָנסועללאַ.

נו, כ׳פֿאַרגיב (לאַכט) און נעמען דעם באַראָן וועסטו שוין דערלויבען איצט?

דער. (לאַכט אויך)

און נעמען דעם באַראָן — וועל איך פֿונדעסטוועגען נישט דערלויבען. אָבער וואָס באַדייט פֿאַר דער קעניגין די ערלויבעניש פֿון איר פֿאַרליבטען לץ?

קאָנסועללאַ.

נו, שטיי אויף, ביסט פֿאַרגעבען. און ווייסט פֿאַרוואָס? דו מיינסט, פֿאַר דיינע רייד?.. דו ביסט א געשייטע בעסטיע, דער! ניין — פֿאַר די פּוטער־ברויטען, אָט פֿאַר וואָס! ביסט געוועזן אַזוי מילד, און דו האָסט זיך פֿאַרשמאַיעט, אַז דו האָסט זיי געבראַכט... אָרימער דערל. פֿון מאָרגען אָן קאָנסטו ווידער ליגען ביי מיינע פּיס. ווי נאָר איך וועל אַ פּייף טאָן: איסי...

דער.

לייג איך זיך באַלד צו דיינע פּיס, קאָנסועללאַ, ס׳איז באַשטימט. אָבער היינט האָבען זיך אַלע מיינע גלעקעלאַך צושאָטען און...

עס איז אַריינגעקומען בעזאַנאָ, ער איז פאַרשעמט.

קאָנסועללאַ.

אַלפֿרעד? נאָך מיר?

בעזאַנאַ.

יאָ. וועסט נאָך ארבעטען, קאָנסועללאָ?



קאָנסועללאַ.

פֿאַרשטייט זיך אַזוי. וויפּיל דו ווילסט! און איך האָב געמיינט, ביסט אויף מיר אין כעס. אַלפֿרעד, כ׳וועל מער נישט געניצען.

בעזאַנאַ.

ניין, דוס׳ט ניט געגעניצט. ניט באַליידיג זיך, וואָס כ׳האָב אַזוי געשריען... באמת איך... נאָר, ווייסטו, אַז מען דאַרף לערנען און אַ מענטש...

קאָנסועללאַ.

גאָט — כ׳פֿאַרשטיי אַ פּנים ניט? דו ביסט נאָך צו גוט, ניט דערטרעגליך גוט, וואָס ביסט מסכּים צו לערנען אַזאַ מין נאַר, כ׳פֿאַרשטיי ניט א פּנים? לאָמיר גיין.

בעזאַנאַ.

לאָמיר גיין. מיר האָבען זיך נאָך ניט געזען. דער, גוט מאָרגען.

דער.

גוט מאָרגען, בעזאַנאָ — ניין, ניין, איין מינוט. איין מינוט בלייבט שטיין אַזוי! יאָ.

קאָנסועללאָ און בעזאַנאָ שטייען איינער נעבען צווייטען; דער זשאָקיי כ׳מורעט זיך, קאָנסועללאָ לאַכט און ווערט רויט.

בעזאַנאַ. (אומצופרידען)

וואָס ווילסטו, דער?

קאָנסועללאַ. (ווערענדיג רויט)

ווי אָדם און חוה? וואָס פֿאַר אַ נאַר ביסטו. שרעקליך! (אנטלויפט) כ׳וועל נאָר איבערבייטען די טופֿלעס, אַלפרעד...

דער.

קאָנסועללאָ! און וואָס איז מיטן פּאַפּאַ און באַראָן? זיי וועלען באַלד קומען נאָך דיר.

קאָנסועללאַ.

נו, איז רעכט. קאָנען וואַרטען, ניט אַזוינע יחסנים!

אנטלויפט. בעזאַנאַ גייט נישט באַשלאָסן נאָך איר.

**דער.**

בלייב אויף איין מינוט, בעזאַנאַ. זייַ.

**בעזאַנאַ.**

וואָס נאָך? כ'האָב קיין צייט ניט פאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן.

**דער.**

אָדער שטיי — ווי דו ווילסט! בעזאַנאַ, דו ליבסט זי?

כ'שווייַגט.

**בעזאַנאַ.**

כ'וועל קיינעם זיך ניט לאָזן אַרייַנמישען אין מייַנע געשעפטען. דו ערלויבסט זיך צופיל, דער. איך קען דיך ניט, דו ביסט געקומען פון גאַס — און פאַר וואָס בין איך מחויב דיר צו גלויבען?

**דער.**

און דעם באַראָן קענסטו? הער אויס, מיר איז שווער אַרויסצו־ריידען די ווערטער... אָבער זי ליבט דיך. ראַטעווע זי פונם שפין. אָדער דו ביסט בלינד געוואָרען און זעסט ניט די נעצען, מיט וועלכע דאָ זייַנען פאַרוועבט אַלע פינסטערע ווינקלען? רייַס זיך אַרויס פון דייַן פערכשופטען קרייַז, איבער וועלכען דו טראָגסט זיך, ווי אַ בלינדער, — פאַרשלעפּ זי, גנבע זי, טו, וואָס דו ווילסט... ענדליך דערהרגע זי און נעם זי צו אין הימעל, אָדער צום טייַוועל! נאָר ניט גיב זי אָפּ דעם מענטשען. ער איז דער שענדער פון ליבע. און אויב דו ביסט ניט דרייַסט, אויב דו האָסט מורא אויפצוהויבען די האַנט אויף איר — דער־הרגע דעם באַראָן. דערהרגע!

**בעזאַנאַ.** (שמייכלענדיג)

און ווער וועט דערהרגענען די ווייטערדיגע?



**דער.**

זי ליבט דיך!

**בעזאַנאַ.**

האָט זי עס אַליין געזאָגט?

**דער.**

וואָס פאַר אַ קלייניניקע, וואָס פאַר אַ נאַרישע, וואָס פאַר אַ מענטשליכע גאוה! און דו ביסט דאָך אַ געטל... אַ גאָט ביסטו, בחור! פאַר וואָס ווילסטו מיר ניט גלויבען? אָדער דיר שטערט די גאַס, פון וועלכע כ'בין געקומען? — אָבער גיב אַליין אַ קוק, זע מייַנע אויגען: לייַגען דען אַזוינע? יאָ, מייַן פנים איז מיאוס, איך קרים זיך, כ'מאַך העויות, מיך רינגעלט געלעכטער אַרום... אָבער זעסטו ניט הינטער דעם אַ גאָט, אַזאַ ווי דו ביסט? נו, קוק דאָך, קוק אויף מיר!

בעזאַנאַ צולאַכט זיך.

**דער.**

וואָס איז עס... שנעק?!

**בעזאַנאַ.**

דו ביסט איצט... גאָר ווי דעמאָלט אויף דער אַרענע... גע־דענקסט? בעת דו ביסט אַ גרויסער מענטש, און מען האָט געשיקט נאָך דיר פון אַקאַדעמיע, באַץ! דער, וואָס קריגט די פעטש!

**דער.** (צעלאַכט זיך אויך)

יאָ, יאָ — ס'איז דאָך ענליך, בעזאַנאַ! זייער! (מיט אַ פייַנליכער אָנ־שטרענגונג שפּילט ער, זיך שטעלענדיג אין פּאָזע) דוכט זיך, דאָס האָט מען געשיקט נאָך מיר פון אַקאַדעמיע?

**בעזאַנאַ.** (כמורעט זיך)

אָבער מיר געפעלט ניט די שפּיל. שטעל אונטער דייַן פנים, אויב דו ווילסט, און מיר וואַגסטו ניט. (גייט צום אַרויסגאַנג)

**דער.**
בעזאַנאָ!..

**בעזאַנאָ.** (זיך אומקערענדיק)
און קיינמאָל זאָל איך ניט הערן וועגן קאָנסועלאָן און אַז איך בין... אַ גאָט, ניט וואַגן! ווייסט — ס'איז עקעלהאַפט!

גייט אַרויס, קלאַפּט זיך כּעסדיק מיטן בייטש איבער די באַטפאָרטען.

דער איז אַליין, כּעסדיק, מיט אַ אויסגעקריטשטען פּנים מאַכט ער אַ טריט נאָכ'ן זשאַקיי, שטעלט זיך אָפּ און לאַכט טויב, פאַרחאַרפּענדיק דעם קאָפּ. אַזוי געפינען אים מאַנטשיני און דער באַראָן.

**מאַנטשיני.** (לאַכענדיק)
אַ לוסטיגער יונג ביסטו, דער! לאַכסט אַפילו פאַר זיך.

דער צולאַכט זיך הויך.

**מאַנטשיני.**
הער דאָך אויף, לץ! ס'האָט אים אָנגעכאַפּט.

**דער.** (זיך נידעריג און ברייט נייגענדיק)
מיין גרוס אייך, באַראָן. מיין טיפסטע אַכטונג, גראַף. איך בעט מיך פאַרגעבען, גראַף, נאָר איר האָט געטראָפען דעם קלאָאון ביי דער אַרבעט... אַזוי צו זאָגען ביי זיינע אַלטעגליכע הנאות, באַראָן.

**מאַנטשיני.** (אויפהויבענדיק די ברעמען)
טסס! אָבער דו ביסט — אַ קלוגער מענטש, דער. איך וועל בעטען פּאַפּאַ בריקע, מען זאָל דיר געבען אַ בענעפיס... ווילסטו, דער?

**דער.**
באַווייזט אַ חסד, גראַף.

**מאַנטשיני.**
נאָ, נאָ, ניט צופיל, זיי איינפאַכער, דער. (לאַכט) אָבער וויפיל



ווייסטו באַקומען פּעטש אויף דיין בענעפיס, אויב אַפילו אין־ דער וואָכען פּויקט מען אין דיר. ווי אין אַ גאַנג! אַ מאָדנע פּראָפעסיע, ניט ריכטיג, באַראָן?

**באַראָן.**
זייער אַ מאָדנע. אָבער וואו איז די גרעפין?

**מאַנטשיני.**
יאָ, יאָ... באַלד גיי איך נאָך איר. קינד, זי איז אַזוי פאַרטאָן מיט איר בענעפיס און אַרבעט... זיי רופען זייערע שפּרינגען אָך אַרבעט, באַראָן!

**באַראָן.**
כ'קאָן אויפוואַרטען. (זעצט זיך, דער צילינדער אויפן קאָפּ)

**מאַנטשיני.**
ניין, צו וואָס? כ'וועל זי צו איילען. כ'וועל געשווינדט. און דו, דער, זיי אַ בעל־הבית און פאַרנעם אונזער ליבען גאַסט... איר־ וועט מיט אים ניט לאַנגווייליען, באַראָן.

גייט אַרויס. דער שפּרייזט איבערן צימער שמייכלענדיק און קוקענדיק אויפן באַראָן. דער באַראָן זיצט — פונאַנדערגעשפּרייט ברייט די פיס, אָנגעשפּאַרט מיטן מאָרדע אויפן שטעקען. אויפן קאָפּ דער צילינדער. רוהיג.

**דער.**
מיט וואָס וועט איר באַפעלען צו פאַרנעמען אייך, באַראָן?

**באַראָן.**
מיט גאָרניט. כ'האָב ניט ליב קיין קלאָאונען.

**דער.**
אַזוי ווי איך קיין באַראָנען.

ס'שווייגט. דער טוט אָן אויפן קאָפּ דעם הוט, נעמט מיט אַ ברייטער באַ־ וועגונג אַ שטול און שטעלט מיט אַ קלאַפּ אַוועק קעגען באַראָן. זעצט זיך־

# פירטער אַקט

רײַטענדיג, איבערחזרנדיג דעם באַראָנס פּאָזע און קוקט אים אין די אויגען. מ׳שווײַגט.

דער.
איר קאָנט לאַנג שווײַגען?
באַראָן.
לאַנג.

מ׳שווײַגט. דער קלאַפּט מיטן פוס אין דיל.

דער.
און לאַנג קאָנט איר וואַרטען?
באַראָן.
לאַנג.
דער.
ביז וואַנען איר וועט ניט קריגען?
באַראָן.
ביז וואַנען איך וועל ניט קריגען? און איר?
דער.
איך אויך.

שווײַגענדיג, צונויפגעדרוקט מיט די קעפּ, קוקען זיי איינער אויפן אַנדערן. אויף דער ערגע די קלאַנגען פון טאַנגאָ.

פאָרהאַנג.

קאָנסועללאָם בענעפּים.

אויף דער אַרענע מוזיק. אין צירקוס צימער איז אַ גרעסערע אומאָרדנונג ווי געוויינליך. אַ סך איז אָנגעהאַנגען און סיזאַלגערט זיך אין די ווינקלען קליידער פון די אַרטיסטען. אויפן טיש ליגט אַ וואָרפנעטאָגער פון האַנט, בוקעט פון פייער-רויטע רויזען.

ביי אַרקען-איינגאַנג רויבערן און פלוידערען דריי בערייטארם — צווייטער רייניגע אַרטיסטען, וועלכע טראָגען די בערייטאר-דינסט. גלאַטאַרטיגע שריינטען אויף די צוגעגלעטע האָר, צוויי מיט וואָנסעלעך, דער דריטער ראַזירט, ענגליך מיטן פּנים אויף אַ בולדאָג.

**ערשטער.** (ראזירטער)
גענוג, אַנרי. צען טויזענט פראנק — דאָס איז צופיל אפילו פאַרן באַראָן אויך!

**צווייטער.**
און וואָס קאָסטען איצט רויזען?

**ראַזירטער.**
כ'ווייס ניט. ווינטער זיינען זיי, פאַרשטייט זיך טייערער, אָבער אַנרי פלוידערט נאַרישקייטען. צען טויזענט!

**צווייטער.**
דער באַראָן האָט אייגענע אָראַנזשערייען, אים קאָסט גאָרניט.



**אַנרי.** (אויסקוואַרפענדיג די סיגאַרע, וועלכע האָט אים אָפּגעבריענט די שפּיץ פינגער)
ניין, דו ביסט אומדערטרעגליך, גראַב! הער אויס: ס'איז דאָך אַ גאַנצע פור. פון איר שמעקט פאַר אַ מייל מיט רויזען. צו באַשיטען די גאַנצע אַרענע...

**ראַזירטער.**
נאָר דעם רייף!

**אַנרי.**
דאָס איז אַלץ איינס. צו באַשיטען דעם רייף, דאַרף מען האָבען טויזענטער — טויזענטער רויזען און בוטאָנען! דו וועסט זען, וואָס דאָס וועט זיין, אַז זיי וועלען זיך אַוועקלייגען ווי אַ טעפּיך... ער האָט געהייסען ווי אַ טעפּיך, גראַב, פאַרשטייסט?

**צווייטער.**
אָבער וואָס פאַר אַ באַראָנישער קאַפּריז! איז אונז ניט צייט?

**אַנרי.**
ניין, נאָך, מיר וועלען באַווייזען. און מיר געפעלט עס: אַ פייערדיג=רויטער טאַנגאָ אויף אַ פייערדיג=רויטען טעפּיך פון ווינטערדיגע רויזען!

**ראַזירטער.**
קאָנסועללאָ וועט שפּרינגען איבער די רויזען און בעזאַנאָ?

**צווייטער.**
און בעזאַנאָ איבער די נאָדלען.

ס'שטייכעלט.

**ראַזירטער.**
דער יינגעל האָט ניט קיין אַמביציע! איך וואָלט זיך אַנטזאָגט.

**אַנרי.**
אָבער ס'איז זיין דינסט, ער איז מחויב, גראַב. (לאכט) און וועגען אַמביציע רייד מיט אים אַליין: ער איז בייז און שטאָלץ ווי אַ שדל.

**צווייסער.**
נײַן, — אַ וואונדערבאַרער בענעפּיס, רעדט ניט. ס'איז אָנגענעם צו קוקן אויף דעם המון, ער איז אַזוי אויפגערעגט...

**אנרי.**
ססס!

אַלע דרײַ ווי געכאַפּטע חדר־ייִנגלאַך, וואַרפן אַוועק די סיגאַרען און פּאַפּי־ראָסן און טרעטן אָפּ דעם וועג זינידען, וועלכע גייט מיט דערן.

**זינידע.** (שטריינג)
פאַרוואָס זײַנט איר דאָ, מײַנע הערן? אײַער אָרט איז בײַם באַריער.

**אנרי.** (שמייכלענדיק מיט אכטונג)
מיר זײַנען נאָר אויף אַ מינוט, מאַדאַם זינידע, מיר גייען. וואָס פאַר אַן אײַנגעגעבענער אָוונט, ניט אמת? — און וואָס פאַר אַ רום פאַרן פּאַפּאַ בריקע!

**זינידע.**
יאָ, גייט און פאַרלאָזט ניט, איך בעט אײַך, אײַערע ערטער.

די בערייטאָרס גייען אַוועק. זינידע עפנט דעם טיש און באַהאַלט עפּיס פּאַפּירען. זי איז אין קאָסטיום פון דרעסירערין.

**זינידע.**
וואָס האָסטו געטאָן נעבן די חיות? דער. דו'סט מיך דערשראָקן.

**דער.**
אַזוי, הערצאָגיניע. כ'האָב געוואָלט הערן, וואָס זאָגן די חיות וועגן בענעפּיס. זיי שפּרײַזן איבער די שטײַגן און ברומען.

**זינידע.**
זיי רעגט אויף די מוזיק. נאָר — דער? זעץ זיך. דער אָוונט איז אַ פאָרטרעפלעכער. און איך בין זייער צופרידען, וואָס קאָנסועללאַ



גייט אַוועק פון אונז! דו'סט געהערט וועגן באַראָנס רויזן?

**דער.**
אַלע ריידען. הימעניײַעס רויזן!

**זינידע.**
אָט איז נאָך... (שטויסט אָפּ דעם בוקעט) אומעטום צעוואָרפן! יאָ, כ'בין צופרידען. זי איז דאָ אַן'איבעריגע און שטערט דער אַרבעט. ס'איז אַן'אומגליק פאַר דער טרופּע, אַז אין איר פאַלט אַרײַן אַזאַ מין צו שיינע און... צוכריטבאַרע מיידעל.

**דער.**
ס'איז דאָך אָבער אַ כשרער שדוך, הערצאָגיניע.

**זינידע.**
פאַר מיר איז עס אַלץ איינס.

**דער.**
און שפּינען דאַרפן דאָך אויך האָבן די אויסבעסערונג פון זייער ראַסע! וואָס פאַר אַ צויבערהאַפטע שפּינעלאַך עס וועלן אַרויסקומען פון דער פּאָר — שטעלסט זיך פאָר, זינידע? מיטן פּנים פון קאָנסועללאַ־מוטער און מיטן אינגעווייט פון באַראָן־פאָטער וועלן זיי קאָנען באַשײַנען יעטווידער אַרענע.

**זינידע.**
ביסט היינט בייז, דער. און חשך.

**דער.**
איך לאַך.

**זינידע.**
אָבער נישט לוסטיג. פאַר וואָס ביסטו אָן דער מאַסקע?

**דער.**
איך בין אין דער דריטער אָפּטיילונג, כ'וועל נאָך באַווײַזן. און ווי באַציט זיך צום אָוונט בעזאַנאָ? ער איז אויך צופרידען?

**זינידע.**
כ'האָב נישט גערעדט מיט בעזאַנאָ. ווייסטו, וואָס איך טראַכט, מײַן פרײַנד: דו ביסט דאָ אויך אַן'איבעריגער!

**דער.**

ווי הייסטו עס פֿאַרשטיין, זינידע?

**זינידע.**

ווי געזאָגט. אין אמתן האָט קאָנסועללאָ זיך פֿאַרקויפֿט פֿאַר קלייניקייטען. וואָס איז אזוינס דער באַראָן און זײַנע אומגליקליכע מיליאָנען. אויף דיר זאָגט מען, אַז דו ביסט זייער קלוג. אפשר זאָגאַר צופֿיל, טאָ זאָג מיר, באַטראַכט: פֿאַר וויפֿיל קאָן מען קויפֿען מיך?

**דער.** (אַזוי ווי זיך צושאַצענדיג)

נאָר פֿאַר אַ קרוין.

**זינידע.**

אַ באַראָנישע?

**דער.**

ניין — אַ קעניגליכע.

**זינידע.**

יאָ, ביסט גאָר נישט קיין נאַר. און דו האָסט געטראָפֿען, אַז קאָנסועללאָ איז מאַנטשיניס ניט קיין לײַבליכע טאָכטער?

**דער.** (אַנ'איבערראַשטער)

וואָס דו רעדסט! און זי ווייס עס?

**זינידע.**

אַ ספֿק, און צוואָס זאָל זי וויסען? יאָ, אַ שטאַמלאָזע מיידעל פֿון קאַרסאָ, וועלכע ער האָט בעסער געפֿונען צו ברייִנגען אין פֿאַרקער, איידער... נאָר לויט געזעץ איז זי זײַן טאָכטער — גרעפֿין ווראַניקע מאַנטשיני.

**דער.**

ס'איז גוט, אַז אַלץ ווערט געטאָן לויט געזעץ, ניט ריכטיג, זינידע? אָבער מערקווירדיג: זי פֿאַרמאָגט מער בלוי בלוט, ווי מאַנטשיני... מען קאָן מיינען, אַז זי האָט אים גענומען פֿון גאַס



און געמאַכט פֿאַר אַ פֿאָטער און אַ גראַף. גראַף מאַנטשיני! (לאַכט)

**זינידע.**

יאָ, ביסט חשך. דער, כ'האָב זיך איבערגעלייגט: בלײַב דאָ.

**דער.**

כ'וועל ניט זײַן קיין איבעריגער?

**זינידע.**

אַז זי וועט אַוועקגיין, וועסטו ניט זײַן קיין איבעריגער... אָ, דו ווייסט נאָך ניט, ווי מיט אונז איז גוט, ווי לײַכט עס איז דער נשמה און דעם גוף. איך פֿאַרשטיי דיך, איך בין אויך אַ קלוגע. אַזוי ווי דו, האָב איך געבראַכט מיט זיך פֿון דאָרטען די געוואוינהײַט צו קייטען און אַ לאַנגע צײַט געשמידט זיך אַליין... צו וואָס ס'האָט זיך געמאַכט, נאָר זיך האַלטען.

**דער.**

בעזאַנאָ?

**זינידע.**

בעזאַנאָ און אַנדערע, אַ סך זײַנען זיי געווען און אַ סך וועלען זײַן. מײַן געלער לייב, אין וועלכען כ'בין האָפֿנונגסלאָז פֿאַרליבט, איז שרעקליכער און ערגער ווי יעטווידער בעזאַנאָ... נאָר דאָס זײַנען נאַרישקייטען, שלעכטע געוואוינהײַטען, וועלכע ס'איז אַ שאָד צו פֿאַרטרײַבען, ווי אַלטע דינער וואָס גנבנען קליינגעלט. לאָז צורו קאָנסועללאָן, זי האָט איר וועג.

**דער.**

אויטאָמאָביל און בריליאַנטען?

**זינידע.**

און וואו האָסטו געזען אַ שיינהײַט אין פֿערקעל? וועט דער נישט קויפֿען, איז אַ צווייטער — אַלץ וואָס שיין איז קויפֿען זיי דאָך. יאָ, איך ווייס: צען יאָר וועט זי זײַן אַ טרויעריגע שיינהײַט, אויף וועלכע ס'וועלען זיך פֿאַרקוקען קבצנים פֿון טראָטואַרען, נאָכדעם וועט זי אָנהייבען פֿאַרבען אונטער די אויגען און שמייכלען, נאָכדעם וועט זי נעמען...

**דער.**

פאַר אַ געליבטען דעם שאָפּער, אָדער דעם שמייסער? ניט שלעכט טרעפסטו, זינידע!

**זינידע.**

אַ פּנים ניט אמת? איך וועל זיך אין דיין צוטרוי ניט איינבעטען... אָבער היינט באַדויער איך דיך, דער! וואָס קאָנסטו טאָן קעגען מזל? נישט באַליידיג זיך, מיין פריינד, אויף די ווערטער פון אַ פרוי: מיר געפעלסטו, אָבער דו ביסט ניט שיין, ניט יונג און ניט רייך, און דיין אָרט...

**דער.**

איז אויפן טראָטואַר, פון וואַנען מען קוקט אויף שיינהייטען (לאַכט). אָבער אויב איך וויל ניט?

**זינידע.**

וואָס איז ווערט דיין איך וויל אָדער כ'וויל ניט! איך באַדויער דיך, אָרימער פריינד, נאָר אויב דו ביסט שטאַרק און אַ מאַן... און דו שיינסט מיר פאַר אַזוינעם, האָסטו איין וועג: פאַרגעסען.

**דער.** (לאַכט)

דו האַלסט דאָס פאַר כח? ביסטו עס, קעניגין זינידע, וואָס וויל אַפילו אין אַ לייבען=האַרץ דערוועקען ליבע? פאַר איין איינציגען אויגענבליק באַטריגערישען הערשען ביסטו גרייט באַצאָלען מיטן לעבען און מיר זאָגסטו... פאַרגעסען! גיב דיין שטאַרקע האַנט, די פּרעכטיגע, און גיב אַ קוק וויפיל כח איז דאָ אין מיין דרוק... און נישט באַדויער מיך!

ס'קומען אַריין בריקע און מאַנטשיני. דער לעצטער איז טרוקען און וויכטיג, אָנגעטאָן שפּאָגעל-ניי, נאָר דער זעלביגער שטעקען און דער זעלבינער שטומער סאַטיר-געלעכטער.

**זינידע.** (מורמעלט)

בלייבסט?



**דער.**

יאָ, כ'וועל ניט אַוועק.

**מאַנטשיני.**

וואָס מאַכען מיר, טייערע? אָבער איר זיינט גלענציג, איך שווער, איר זיינט גלענציג! אייער לייב וועט זיין אַנ'אייזעל, אויב ער וועט אייך ניט אַ קוש טאָן די הענטעלע, וו? איך וועל זיך דערלויבען... (קושט די האַנט)

**זינידע.**

איך מעג אייך גראַטולירען, גראַף?

**מאַנטשיני.**

יאָ, מערסי. (צו דערן) גוטען אָוועגט, מיין ליבער!

**דער.**

כ'האָב דעם כבוד אייך צו באַגריסען, גראַף.

**בריקע.**

זינידע, דער גראַף וויל באַלד באַצאָלען שטראָפגעלט פאַר קאָנסועללאָן... פאַר דער גרעפין. געדענקסט ניט, מוטער, לויטן קאָנטראַקט, וויפיל איז דאָרטען?

**זינידע.**

כ'וועל באַלד אַ קוק טאָן, פאָטער.

**מאַנטשיני.**

יאָ, איך בעט אייך. קאָנסועללאָ וועט זיך מער ניט אומקערען אַהער, מאָרגען פאָרען מיר אַוועק.

זינידע און בריקע קוקען די פּאַפּירען. דער נעמט מאַנטשינין נאָנין געמיין אונטערן אָרים און פירט אים אָפּ אָן אַ זייט.

**דער.** (שטיל)

און וואָס מאַכען דיינע מיידעלאך, מאַנטשיני?

**מאַנטשיני.**

וועלכע מיידעלאַך? וואָס איז דאָס? נאַרישקייטען אָדער שאַנ=

טאַזש? זע, מײַן ליבער, זײַ פֿאָרזיכטיגער: דער קאָמיסאַר איז דאָ ניט ווײַט.

ד ע ר.

די ביסט צו שטרײַנג, מאַנטשיני! כ'האָב געמײַנט, אַז אויג אויף אויג...

מ אַ נ ט ש י נ י.

אָבער הער אויס: וואָס קאָן זײַן פֿאַר אַנ'אויג אויף אויג צווישען מיר מיט אַ קלאָאון? (לאַכט) ביסט אַ נאַר, דער: די האָסט נעדאַרפֿט פֿאָרלײַגען, אָבער ניט פֿרעגען.

ב ר י ק ע.

דרײַ טויזענט פֿראַנק, גראַף.

מ אַ נ ט ש י נ י.

אַזוי ווינציג? פֿאַר קאָנסועללאָן? גוט כ'וועל זאָגען דעם באַראָן.

ז י נ י ד ע.

איר האָט נאָך גענומען...

ב ר י ק ע.

מ'דאַרף ניט, מוטער, לאָז עס!

ז י נ י ד ע.

איר האָט נאָך פֿאָרויס גענומען, גראַף, בײַ מיר איז פֿאַרשריבען: אַכציג פֿראַנק און צוואַנציג סאַנטים. דאָס געלט וועט איר אויך דערלויבען?...

מ אַ נ ט ש י נ י.

פֿאַרשטײַט זיך, פֿאַרשטײַט זיך, וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע! איר וועט באַקומען דרײַ טויזענט מיט... הונדערט. (לאַכט) צוואַנציג סאַנטים! איך האָב קײנמאָל ניט געמײַנט, אַז איך קאָן זײַן אַזוי פּינקטליך. צוואַנציג סאַנטים (ערנסט) אַך, נאָך וואָס, פֿרײַנד מײַנע. קאָנסועללאָ, די גרעפֿין, מײַן טאָכטער, און דער באַראָן האָבען אויסגעדריקט דעם פֿאַרלאַנג זיך צו זעגענען מיט דער טרופּע...

ד ע ר.

דער באַראָן אויך?



מ אַ נ ט ש י נ י.

יאָ, אַגיוסט אויך. זיי ווילען עס מאַכען אין אַנטראַקט. בעט איך אײַך אויפֿקלײַבען אַהער די... אנשטענדיגערע — אָבער אָן שטויסערײַ, אָן שטויסערײַ! דער, ליבסטער, זײַ אַזוי גוט, לויף אונטער אין בופֿעט און זאָג מען זאָל אַהער שוין דערלאַנגען אַ קאָרב שאַמפּאַניער און באָקאַלען... פֿאַרשטײַסט?

ד ע ר.

איך האָרך, גראַף.

מ אַ נ ט ש י נ י.

וואַרט אויף... ניט אַזוי אײַליג. וואָס איז עס, אַ נײַער קאָסטיום? דו ברענסט ווי אַ שד אין גיהנום!

ד ע ר.

צופֿיל כבוד, גראַף: וואָס בין איך פֿאַר אַ שד? איך בין אַנ'אָרי=מער בעל=חטאל, וועלכען עס בראָטען צו שדים.

גייט אַוועק זיך לצניש נתנענדיג.

מ אַ נ ט ש י נ י.

אַ טאַלאַנטפֿולער שײגעץ, אָבער אַ באָד-יונג, יאָ!

ב ר י ק ע.

ס'זײַנען די פֿאַרבען פֿון טאַנגאָ, לכבוד אייער טאָכטער, גראַף. ער דאַרף עס צו אַ נײַעם וויץ, וועלכען ער וויל ניט אויסזאָ=גען. וועט איר זיך ניט זעצען, גראַף?

מ אַ נ ט ש י נ י.

עס וואַרט אויף מיר אָגיוסט, נאָר מילא... (זעצט זיך) און פֿונ=דעסטוועגען איז מיר אַ שאָד צו שײדען זיך מיט אײַך, פֿרײַנד! יאָ, די גרויס=וועלט, נאַטירליך די פּרעראָגאַטיוון פֿון אַנג, די פּאַלאַצען פֿון וועלמאָזשען — אָבער וואו וועל איך געפֿינען אַזאַ פֿרײַהײַט און... אײנפֿאַכקײַט? ענדליך, די אַפֿישען, ברע=נענדיגע פּלאַקאַטען, פֿון וועלכע אינדערפֿרי פֿלעגט פֿאַרכאַפּען

דער אָטעם—אין זיי איז געווען עפּיס רופּענדיגעס, וועקענדי=
געס... דאָרטען וועל איך פאַרעלטערט ווערען, פריינד!

**ברי ק ע.**

אָבער די העכערע פאַרגעניגענס, גראַף... וואָס שווייגסטו, זינידע?

**זינידע.**

כ'האָרך.

**מאַנטשיני.**

אגב, מיין טייערע: ווי געפעלט אייך מיין אַנצוג? איר האָט
אַ פראַכטפולען געשמאַק.

נלעט פינאַנדער דעם שפּיצענעם שניפּס און שפּירענע מאַנקעטען.

**זינידע!**

ס'געפעלט מיר. איר זייט ענליך אויף אַן'עדעלמאַן פון אַמאָליגע
צייטען, גראַף.

**מאַנטשיני.**

יאָ—איז עס אָבער ניט צו פריי? ווער טראָגט אַצינד שפּיצען
און סאַמעט? די שמוציגע דעמאָקראַטיע וועט אונז איינגיכען
אלעמען אויספוצען אין אַ ראָגאָזשע... און ווי איז עס דאָרטען?
(מיט א זיפץ) אָגיוסט, אז דער זשאבאַ איז ניט גאָר פאַסענד.

**זינידע.**

דער באַראָן איז צו שטרייננג.

**מאַנטשיני.**

נו, יאָ! מיר דאַכט אָבער, ער איז פאָרט געריכט: כ'האָב זיך
דאָ אַביסעל אָנגעשטעקט מיט אייער פאַנטאַסטיק.

ס'קומט אַריין דער. נאָך אים שלעפּען צוויי לאָקייען אַ קאָרב מיט שאַמפּאַ
ניער, באָקאַלען. מען גרייט צו אויפן טיש.

**מאַנטשיני.**

אַהא, מערסי, דער. אָבער כ'בעט אייך אָן דעם בעל=הבתישע



קנאקען מיט די שטאָפּקעס, שטילער און באַשיידענער. די רע=
כענונג — דעם באַראָן רעניאַר. ווילען מיר קומען אַהער, בריקע,
איך גיי.

**זינידע.** (קוקענדיג אויף א זייגערל)

יאָ. באַלד ענדיגט זיך די אָפּשטעלונג.

**מאַנטשיני.**

גאָט מיינער! (גייט אַוועק אַוועק).

**בריקע.**

דער טייוועל זאָל אים צונעמען גאָר אינגאַנצען!

**זינידע.** (ווייזענדיג אויף די לאָקייען)

שטילער, לואי.

**בריקע.**

ניין, זאָל אים דער טייוועל צונעמען גאָר אינגאַנצען! און דו'סט
מיך ניט געקאָנט אונטערהאַלטען, מוטער, געלאָזען מיט אים
ריידען... גרויסוועלט! הויכע פאַרגעניגענס... אָשוסט!

דער און זינידע לאַכען, ס'שמייכלען די לאָקייען.

**בריקע.** (צו די לאָקייען)

ניטאָ וואָס צו לאַכען, גייט, מיר ווילען דאָ אַליין צורעכטקומען...
סאָדאַ=וויסקי, זשאַן! (מורמעלט) שאַמפּאַניער.

ס'קומט אַריין דזשעקסאָן אין קאָסטיום.

**דזשעקסאָן.**

מיר אויך סאָדאַ=וויסקי. דאָ כאָטש הער איך אַ געלעכטער — די
אידיאָטען האָבען ממש פאַרגעסען לאַכען. מיין זון איז היינט
אויפגעגאַנגען און אונטערגעגאַנגען, געקראָכען איבער דער גאַנ=
צער אַרענע,—כאָטש אַ שמייכעל! קוקען אויף מיין הינטען ווי
אין אַ שפּיגעל אריין... אַנטשולדיג, זינידע! און דו ביסט ניט מיאוס,

דער, — נאָר היט די באַקען — כ'האָב ניט האָלט קיין פאַרשווינען.

בריקע.

א בענעפיסען עולם!

דזשעקסאָן. (באַקוקענדיג דעם פּנים אין א קליינעם שפּיגעל)

אין פאַרטער זיינען אַלץ עפּיס אַזוינע מיני באַראָנען און מומ=יעס פון מצרים. מיר האָט אָנגעהויבען דער בויך ווי טאָן פון אימה. כ'בין אַן ערליכער קלאָאון, כ'קאָן ניט, אַז מען קוקט אויף מיר אַזוי. ווי כ'וואָלט געגנבעט א נאָז=טיכעל. דערלאַנג זיי אָן פעטש, דער.

דער.

זיי רויג, דזשים. כ'וועל זיך נוקם זיין.

גייט אַרויס.

זינידע.

און בעזאַנאָ?

דזשעקסאָן. (מורמעלט)

בעזאַנאָ! א משוגענער בייפאַל, פאַרשטייט זיך. ער איז אָבער אַליין פון זינען אַראָפּ. ער וועט מאָרגען שוין ברעכען דעם קאָפּ. צו וואָס ריזיקירט ער אזוי? אָדער ער האָט פליגלען, ווי א גאָט?.. פרעס אים דער טייוועל, אויף אים איז אַן'עקעל צוקוקען, דאָס איז שוין ניט קיין מלאכה.

בריקע.

ביסט גערעכט, דזשים. דאָס איז שוין ניט קיין מלאכה! דיין געזונט, אַלטער חבר!

דזשעקסאָן.

דיין געזונט, לואי!

בריקע.

ס'איז שוין ניט קיין מלאכה, אַז אַהער קומען פאַרשידענע באַראָנען! אָט לאַכען זיי און איך בין מלא=רציחה, איך בין



מלא=רציחה, דזשים. וואָס דאַרפען זיי דאָ, די באַראָנען? זאָלען זיי גנבענען היינער אין אַן'אַנדער שטייג און אונז לאָזען צורו. אַך, ווען איך זאָל זיין א מיניסטער, מאַך איך אַן'אייזערנע גראַ=טע צחישען אונז און אָט די הערען.

דזשעקסאָן.

איך באַדויער אויך זייער קאָנסועללאַן... און ס'איז עקעלהאַפט. און עפּיס דוכט זיך מיר, אַז אַלע זיינען מיר היינט ענליך מער איידער אָשוטטען, איידער אויף ערליכע אַרטיסטען... דיר דאַכט זיך ניט, זינידע?

זינידע.

יעדער טוט וואָס ער וויל. דאָס איז קאָנסועללאָס זאַך און איר פאָטערס.

בריקע.

לאָז צורו, מוטער, ס'איז ניט אמת! קיינער טוט גאָרניט וואָס ער וויל, נאָר עס קומט אַזוי אויס... דער שווארץ-יאָר ווייסט פאַרוואָס!

ב'קומען אַריין אַנזשעליקאַ און טאָמאַס, דער גימנאַסט, ביידע אין קאָסטיומען.

אַנזשעליקא.

דאָ וועט זיין שאַמפּאַניער?

בריקע.

און דו האָסט זיך שוין דערפרייט?

טאָמאַס.

אָן איז עס. אַהאַ, ס'אַראַ סך!

אַנזשעליקאַ.

מיר האָט דער גראַף געזאָגט, אַז איך זאָל גיין, כ'האָב אים געטראָפען...

בריקע. (מיט כעס)

געזאָגט, טאָ גיי, און פרייען זיך איז ניטאָ וואָס! זע, אַנזשעליקאַ,

א שלעכטען סוף וועסטו האָבען. איך זע דיך דורך און דורך...
ווי ארבעט זי, טאָמאַס?

**טאָמאַס.**
גוט.

**אַנזשעליקאַ.** (שטיל)
אוי, ווי בייז ער איז היינט, פאַפאַ בריקע!

ס׳קומען אריין דער, טילי און פאָלי, נאָך ניי עפּיס נאָך אַנ׳ארטיסט. אלע אין קאָסטיומען.

**טילי.**
פאָלי, דו ווילסט זייער שאמפּאַניער?

**פאָלי.**
ניין, כ׳הויב ניט אָן צו ווילען. און דו, טילי?

**טילי.**
איך וויל אויך זייער ניט. דער, האָכט געזען, ווי ס׳גייט דער גראַף?

ניט נאָכמאַכענדיג מאַנטשיני. אַ געלעכטער.

**פאָלי.**
און איך וועל זיין דער באַראָן. נעם מיך אונטערן האַנט. שטילער, אייזעל, ביסט מיר אָנגעטראָטען אויפן געליבטען שטאָם-בוים.

**אַנזשעליקאַ.**
באַלד וועט זיך ענדיגען. איצטער שפּרינגט קאָנסועללאָ, דאָס איז איר וואַלץ. וואָס פאַר אַנ׳ערפאָלג זי האָט!

אלע האָרכען דעם וואַלץ אויף דער אַרענע, טילי און פאָלי זינגען - צו.



**אַנזשעליקאַ.**
זי איז אָבער אזוי שיין! דאָס זיינען אירע בלומען!

מען האָרכט. פּלוצלונג איז חידער ווי אַ וואַנט איינגעפאַלען: אַ דונער פון אפּלאָדיסמענטען, קולות, אַ רעש. דאָ איז אַ באַוועגונג. די ארטיסטין ניסען אָן שאמפּאַניער. ס׳קומען אריין נייע, לאַכענדיג און פּלוידערנדיג. זיי ווערען באַשיידען, דערזעענדיג דעם דירעקטאָר און דעם שאמפּאַניער.

**שטימען.**
באַלד גייען זיי! וואָס פאַר אַנ׳ערפאָלג! פּטור, אַז דער גאַנצער פּאַרטער... און וואָס וועט זיין מיטן טאַנגאָ? ניט זיי מקנא, צופאָנסעלען!

**בריקע.**
שטילער, אָן שטויסעניש. זינדע, דו שווייג דאָך ניט... גרויס-וועלט!

ס׳קומט אריין נעאָרמט מיטן פּעסט שפּרייזענדן באַראָן קאָנסועללאָ. זי שיינט. מאַנטשיני איז גליקליך און פאַרטיג. הינטער זיי זיינען די בערייטער, ארטיסטען און ארטיסטינס. ביים באַראָן אין קליאַפּע שטעקט אַ פּערדינ-רויטע רויז. אלע אַפּלאָדירען: בראַוואָ, בראַוואָ!

**קאָנסועללאָ.**
מיינע הערען... ליבע מיינע... פּאַפּאַ, איך קאָן ניט! (גיט זיך אַ וואַרף צו מאַנטשיני און באַהאַלט דעם פּנים ביי אים אויפן שולטער).

מאַנטשיני קוקט מיט אַ שמייכעל איבער איר קאָפּ אויפן באַראָן. — דער באַראָן שמייכעלט אויך לייכט. אָבער אין אַלגעמיין איז ער בייז און אומבאַוועגליך. אַ נייער אויסברוך פון אַפּלאָדיסמענטען.

**בריקע.**
געווג, געווג, קינדער!

מאַנטשיני.

נו, באַרויִג זיך, באַרויִג זיך, קינד מײַנס... ווי אַלע ליבען דיך. (א ביסעל ארויסטרעטענדיג) מײַנע הערען! דער באַראָן רעניאַר האָט מיר פאַרשאַפט דעם כבוד און נעכטען געבעטען די האַנט פון מײַן טאָכטער, דער גרעפין ווערעאָניקע, וועלכע איר האָט גע־קענט אונטערן נאָמען קאָנסועללאָ. כ׳בעט אײַך נעמען די באָקאַלען...

קאָנסועללאָ.

ניין, כ׳בין אויך הײַנט קאָנסועללאָ און אַלע מאָל וועל איך זײַן קאָנסועללאָ. זינידע, ליבע!

וואַרפט זיך אויפן האַלז צו זינידען. נײַע אַפּלאָדיסמענטען.

בריקע.

הער דאָך אויף. שטילער! נעמט די באָקאַלען און... נעמט־זשע דאָך. געקומען, טאָ נעמט!

טילי. (ציטערנדיג)

זיי האָבען זיך זייער דערשראָקען. נעם פריער אַליין, פאַפאַ, און מיר נאָך דיר.

סיגעמט די באָקאַלען. קאָנסועללאָ איז נעבען דעם באַראָן, מיט דער לינקער האַנט האַלט זי זיך פאַרן אַרבעל פון זײַן פראַק, אין דער רעכטער דעם באָקאַל, פון וועלכען סיגיסט זיך חײַן.

באַראָן.

בײַ אײַך גיסט זיך אויס דער ווײַן, קאָנסועללאָ.

קאָנסועללאָ.

אַך! — נו, נישט קשה. כ׳האָב אויך מורא. דו׳סט מורא, פאַפאַ?

מאַנטשיני.

נאַרעלע...





בריקע. (ארויסטרעטענדיג)

גרעפין! ווי דער דירעקטאָר פון צירק... וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק ניט איינמאָל... צו בײַוואוינען... אײַערע ערפאָלגען...

קאָנסועללאָ.

כ׳וויל ניט אַזוי, פאַפאַ בריקע. איך בין קאָנסועללאָ. וואָס טוט איר מיט מיר? — כ׳וועל ווײַנען. כ׳וויל ניט גרעפין, גיב מיר אַ קוש, בריקע!

בריקע.

אַך, דיך האָבען די ביכער אומגעבראַכט, קאָנסועללאָ! (מיט טרערען קושט ער קאָנסועללאָן).

אַ געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטען, די קלאָאונען קרייען, בילען און דריקען אויף אַלע אַנדערע אופנים אויס זייער אויפרעגונג און אַנטציקונג. דער בונטער המון פון קלאָאונען, פון קאָסטיומירטע צו דער פאַנטאַסטישע אַרטיסטין הויבט אָן אויפלעבען, דער באַראָן איז אומבאַוועגליך. אַרום אים איז אַ שטרעקע, מען קלאַפּט מיט אים די באָקאַלען ניך און מיט אַכטונג און מען טרעט באַלד אָפּ. מיט קאָנסועללאָן קלאַפּט מען די באָקאַלען לוסטיג און נערען; מיט די פרויען קושט זי זיך.

דזשעקסאָן.

שטילער!.. קאָנסועללאָ! פון הײַנט אָן פאַרלעש איך מײַן זון: זאָל די פינצטערע נאַכט אָנקומען מיט דײַן אוועקגיין. דו ביסט געווען אַ וואוילער חבר און אַנ׳אַרבעטער, מיר פלעגען דיך אַלע ליבען און וועלען ליבען די שפורען פון דײַנע פיסלאַך אויפן זאמד. מער איז אונז גאָרניט געבליבען!

קאָנסועללאָ.

ביסט אַזאַ גיטער — אַזאַ גוטער, דזשים, אַז בעסער פון דיר איז ניטאָ! און דײַן זון איז די בעסטע פון אַלע זונען, כ׳האָב

אַזוי פֿיל פֿון איר געלאַכט! אַלפֿרעד, מײַן ליבער — וואָס ביסט
ניט צוגעגאַנגען, כ'האָב דיך געזוכט?

**בעזאַנאָ.**

איך גראַטוליר אײַך, גרעפֿין.

**קאָנסועללאָ.**

אַלפֿרעד! כ'בין קאָנסועללאָ!

**בעזאַנאָ.**

ווען איר זײַנט אויפֿן פֿערד, אָבער דאָ... איך גראַטוליר אײַך, גרעפֿין.

*גייט אָפּ, קוים אָנגערירט דעם באָקאַל. קאָנסועללאָ האַלט נאָך אירען. מאַנ-טשיני גיט מיט אַ שמייכל אַ קוק אויפֿן באַראָן — יענער איז אומבאַוועגליך.*

**בריקע.**

נאַרישקייטען, בעזאַנאָ! דו ערגערסט קאָנסועללאָן. זי איז אַ וואוילער הבר.

**קאָנסועללאָ.**

ניין, כ'בין נישט קשה.

**אַנזשעליקע.**

דו וועסט נאָך טאַנצען מיט איר טאַנגאָ, וואָס זשע איז זי פֿאַר אַ גרעפֿין?[*]

**שילי.**

און איך מעג מיט דיר מײַן באָקאַל קלאַפּען, קאָנסועללאָ? ווייס-טו, פּאָלי איז שוין געפּגרט פֿון קומער און אינגיכען וועל איך אויך פּגרן. כ'האָב אַזאַ שלאַפֿען מאָגען!

*אַ געלעכטער. דער באַראָן קנײטשט אומבאַוועגליך דעם פּנים. אַ באַוועגונג.*

**מאַנטשיני.**

גענוג, גענוג, פֿרײַנד! ס'וועט זיך באַלד ענדיגען דער אַנטראַקט.

**קאָנסועללאָ.**

שוין! מיר איז אַזוי דאָ גוט.

---

[*] אַנדרעיעה.



**בריקע.**

כ'וועל הייסען אים פֿאַרלייגנגערען, זיי קאָנען אַזוי זיך זיצען אַ ביסעל... זאָג, טאָמאַס!

**מאַנטשיני.**

אָגיוסט, דאָרטען בעטען נאָך די מוזיקאַנטען ערלויבעניש צו גראַטולירען דיך און קאָנסועללאָן... ווי מיינסטו?

**באַראָן.**

ס'פֿאַרשטייט זיך, ס'פֿאַרשטייט זיך.

*אַ המון נייען אַרײַן — מוזיקאַנטען. דער דיריגענט, אַן'אַלטער איטאַליענער. הויבט פֿייערליך אויף דעם באָקאַל, — נישט קוקענדיג אויפֿן באַראָן.*

**דער דיריגענט.**

קאָנסועללאָ! דאָ רופֿען דיר אַלע גרעפֿין, פֿאַר מיר אָבער ביסטו געווען און געבליבען קאָנסועללאָ...

**קאָנסועללאָ.**

נו, ס'פֿאַרשטייט זיך!

**דער דיריגענט.**

קאָנסועללאָ! מײַנע פֿידלען און פֿאַגאָטען, מײַנע טרומפּייטען און ליטאַווערען טרינקען פֿאַר דײַן געזונט. זײַ גליקליך, קינד, ווי דו ביסט גליקליך געוועזען דאָ. און מיר וועלען אויף אַלע מאָל אײַנהאַלטען אין אונזערע הערצער דעם ליכטיגען אָנדענק וועגען די לײַכט-פֿליגעלדיגע פֿיס, וועלכע האָט אַזוי לאַנג אָנגעפֿירט מיט אונזער פֿידעל-בויגען. כ'האָב געענדיגט! גריס פֿון מיינטוועגען אונזער שיינע איטאַליע, קאָנסועללאָ.

*צעפֿלאָדיסטעקטען, באַגריסונגען, די מוזיקאַנטען נייען, אָנקלאַפּענדיג די באָקאַלען איינער נאָכן אַנדערן, אַרויס אין קאָרידאָר. קאָנסועללאָ האַלט כמעט בײַ טרערען.*

**מאַנטשיני.**

אָבער ערגער זיך דאָך ניט אַזוי, קינד מײַנס. ס'פּאַסט ניט. אַזוי איך וואָלט געוואוסט, אַז דו וועסט זיך אַזוי באַציען צו דער

---

דער וואָס קריגט די פּעטש.

קאָמעדיע — אָגיוסט, גיב אַ קוק, ווי ס'האָט זיך אויפגערעגט דאָס קליין הערצל!

**באַראָן.**
באַרויִגט זיך, קאָנסועללאָ.

**קאָנסועללאָ.**
ס'איז גאָרניט. אַך, פּאַפּאַ, הער!

אין קאָרידאָר די קלאַנגען פון טאַנגאָ. אויסרופען.

**מאַנטשיני.**
זעסטו: דאָס מאַכען זיי פאַר דיך.

**קאָנסועללאָ.**
ווי ליב זיי זיינען. מיין טאַנגאָ! איך וויל טאַנצען — נו, ווער גייט מיט מיר?

זוכט מיט די אויגען בעזאַנאָ. בעזאַנאָ האָט זיך אָפּגעקערט.

**קאָנסועללאָ.** (מיט קומער)
נו, ווער זשע?

**שטימען.**
דער באַראָן! זאָל דער באַראָן, באַראָן!

**באַראָן.**
גוט.

נעמט פאַר דער האַנט קאָנסועללאָן און שטעלט זיך אַוועק אין צענטער פון פריינעוואָרענעם קרייז.

**באַראָן.**
כ'קאָן ניט טאַנצען טאַנגאָ, כ'וועל אייך האַלטען פעסט. טאַנצט, קאָנסועללאָ!



שטייט, פונאַנדערגעדרוקט די פיס, שווער ווי אַ מעשא פון קופּער. ער איז ערנסט און האַלט פעסט קאָנסועללאָס האַנט.

**מאַנטשיני.** (אַפּלאָדירט)
בראַוואָ! בראַוואָ!

קאָנסועללאָ מאַכט עטליכע באַוועגונגען און רייסט אַרויס די האַנט.

**קאָנסועללאָ.**
ניין, אַזוי קאָן איך ניט, וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען! לאָזט!

זי גייט אָפּ צו זינידען און נעמט זי אַרום, אַזוי ווי זי באַהאַלט זיך ביי איר. די מוזיק דויערט נאָך. דער באַראָן גייט רויג אָפּ אָן אַ זייט; צווישען די אַרטיסטין איז אַן'אומפריינדליך שווייגען. מען קוועטשט מיט די פּלייצעס.

**מאַנטשיני.** (אייִנזאַם)
בראַוואָ, בראַוואָ! דאָס איז צויבערהאַפט, פּאָרטרעפליך!

**דזשעקסאָן.**
נו — ניט איבעריג, גראַף.

טילי און פּאָלי, קאָפּירענדיג דעם באַראָן און קאָנסועללאָן, טאַנצען, ניט אָפּ-נייענדיג פון אָרט.

**טילי.** (קוויטשעט)
לאָז!

**פּאָלי.**
ניין, דו וועסט ביי מיר ניט אַוועקגיין! טאַנץ!

די מוזיק רייסט זיך אָפּ. אַן'אַלגעמיינער, צו הויכער געלעכטער, די קלאָאונען ברומען און בילען, פּאַפּאַ בריקע סטאַרעט זיך מיט באַוועגונגען מאַכען אַן אָרדנונג, דער באַראָן איז לויט אויסזען אַליין נאָך אַזוי גלייכגילטיג.

**מאַנטשיני.**

סוף כּל סוף זײַנען דידאָזיגע ערליכע בעטלער צו פרײַ בײַ זיך... (קוועטשט מיט די פּלייצעס) דער ריח פֿון שטאַל, ניטאָ וואָס צו מאַכען, אָגיוסט!

**באַראָן.**

ניט ערגערט זיך, גראַף.

דער נעמט מיט אַ באָקאַל צו צום באַראָן.

**דער.**

באַראָן! וועט איר ניט דערלויבען אײַך פאַרלײגען אַ טאָסט?

**באַראָן.**

לײגט פֿאָר.

**דער.**

פֿאַר אײַער טאַנק!

אין המון איז אַ לײַכטער געלעכטער.

**באַראָן.**

איך טאַנק ניט.

**דער.**

איז אַנ'אַנדערן. באַראָן! לאָמיר טרינקען פֿאַר די, וואָס ס'קאָן לײנגער וואַרטען און באַקומט!

**באַראָן.**

איך נעם ניט אָן קײן טאָסטען, פֿון וועלכע די באַדײַטונג איז מיר ניט קלאָר. רעדט... פּשוטער.

עסיצים אַ פּרויענשטים: „בראַוואָ, דער!" אַ לײַכטער געלעכטער. מאַנטשיני זאָגט עפּים פאַרשמאַיעט דעם פּאַפּאַ בריקע, יענער פירט פונאַנדער די הענט. דזשעקסאָן נעמט דערן פאַר דער האַנט.



**דזשעקסאָן.**

לאָז צורו, דער. דער באַראָן האָט ניט ליב קײן וויצען.

**דער.**

אָבער איך וויל טרינקען מיטן באַראָן! וואָס זשע פּשוטער?.. פּשוטער?.. באַראָן! — לאָמיר טרינקען פֿאַר די קלײנע שטרעקע, וועלכע בלײַבט שטענדיג צווישען... כּוס און די ליפּען! (שפּריצט אויס דעם ווײַן און לאַכט)

דער באַראָן קערט גלײַכגילטיג אום דעם רוקען. אויף דער אַרענע מוזיק און אַ קלונג, וועלכער רופט צום אָנהויב.

**בריקע.** (מיט אַ פאַרלײכטערונג)

נו, אָט! אויף דער אַרענע, מײַנע הערען, אויף דער אַרענע! אויף דער ארענע!

די אַרטיסטינס לויפען אַוועק. דער המון ווערט שיטער. געלעכטער און שטי-מען. מאַנטשיני טורמעלט עפּים אויפגערעגט צום באַראָן: „אָגיוסט, אָגיוסט!"

**בריקע.** (צו זינידען)

געלויבט איז גאָט, דער אָנהויב! אַך, מוטער, איך האָב דאָך דיר געבעטען. דיר ווילט זיך למען השם אַ סקאַנדאַל, אַלע מאָל ביסטו...

**זינידע.**

לאָז צורו, לואי.

דער גייט-צו צו קאָנסועללאָ, וועלכע שטייט אײנע אַלײן.

**קאָנסועללאָ.**

דערעלע, ליבער, וואָס זשע איז מיט דיר? כ'האָב געמײנט דו וועסט צו מיר ניט וועלען אפילו צו גײן... (שטיל) דו האָסט געזען, ווי בעזאַנאָ זעט אויס?

**דער.**

איך האָב געוואַרט מײַן צײַט, קעניגין. צו דיר איז אַזוי שווער צוצוקומען.

**קאָנסועללאָ.**

צו מיר? (שמייכלענדיק מיט קומער) איך שטיי אײַנע אַליין... נו, וואָס ווילסטו, פּאַפּאַ?

**מאַנטשיני.**

קינד מײַנס, אָגיוסט...

**קאָנסועללאָ.** (אַרויסרײַסענדיק די האַנט)

לאָז מיך צורו! באַלד. קום אַהער, דער. — וואָס'טו אים געזאָגט? זיי האָבן אַלע געלאַכט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען. וואָס?

**דער.**

כ'האָב זיך געוויצעלט, קאָנסועללאָ.

**קאָנסועללאָ.**

מען דאַרף ניט, כ'בעט דיך, דער, מען דאַרף ניט! מאַך אים ניט בייז, ער איז אַזאַ מוראדיגער. האָסטו געזען, ווי ער האָט צונויפגעדריקט מײַן האַנט! כ'האָב געוואָלט שרײַען (מיט טרערן אין די אויגן) עס האָט מיר ווי געטאָן!

**דער.**

זאָג זיך אָפּ — ס'איז נאָך ניט שפּעט.

**קאָנסועללאָ.**

שפּעט, דער. שווײַג!

**דער.**

ווילסט — כ'וועל דיך אַוועקפירן.

**קאָנסועללאָ.**

וואוהין? (לאַכט) אַך, נאַרישער יינגעלע מײַנער, וואוהין קאָנסטו מיך אוועקפירן? נו, שווײַג, שווײַג. ווי בלאַס דו ביסט, דו ליבסט מיך אויך? — מען דאַרף ניט, דער, איך בעט דיך, מען דאַרף ניט. פאַרוואָס ליבן זיי מיך?



**דער.**

ביסט אַזוי שיין!

**קאָנסועללאָ.**

ניין, ניין, עס איז ניט אמת. מיך דאַרף מען ניט ליבן. מיר איז נאָך געווען אַ ביסעל פריילאַך, און אַז זיי האָבן אָנגעהויבן ריידען... אַזוי צערטליך... און וועגן איטאַליען... זיך זעגענען מיט מיר, אַזוי ווי איך וואָלט שטאַרבען... כ'האָב געמיינט, כ'וועל זיך פונאַנדערוויינען! שווײַג, שווײַג. בעסער טרינק פאַר... מײַן גליק... (שמייכלענדיק מיט קומער) פאַר מײַן גליק, דער. וואָס טוסטו?

**דער.**

איך וואַרף אַוועק דײַן בעכער, פון וועלכען דו'סט מיט אַלעמען געטרונקען. איך וועל דיר געבען אַן אַנדערען. וואַרט אויף מיר.

גייט אַוועק אָנציוניסען שאַמפּאַניער. קאָנסועללאָ גייט פאַרטראַכטערהייט. כמעט אַלע זײַנען זיך צוגאַנגען, דאָ זײַנען נאָר די הויפּטען.

**מאַנטשיני.** (צוגייענדיק)

ס'איז פשוט ניט אָנשטענדיג, ווראַניקע! אָגיוסט איז אַזוי ליב און וואַרט אויף דיר, און דו ביסט מיט דעם קלאָאון... נאַרישע סודות עפּיס. מ'קוקט אויף דיך, עס ווערט קאָמיש! דיר איז צײַט זיך אָפּגעוואוינען, ווראַניקע...

**קאָנסועללאָ.** (הויך)

לאָז מיך צורו, פּאַפּאַ. אַזוי וויל איך, און אַזוי וועל איך. זיי אַלע זײַנען מײַנע פרײַנד... הערסט: לאָז צורו!

**באַראָן.**

הערט אויף, גראַף. כ'בעט אײַך, רעדט, קאָנסועללאָ, מיט וועמען און וויפיל איר ווילט. ווילט איר ניט אַ סיגאַר. גראַף? ליבסטער בריקע... באַפעלט נאָך פאַרלענגערען דעם אַנטראַקט.

**בריקע.**

כ'האָרך. באַראָן, דער פאַרטער קאָן אַביסעל ברוגז ווערען...

ניט אַרויס און קומט באַלד צוריק. דער דערלאַנגט קאָנסועללאַן אַ בעכער.

**דער.**

דאָס איז דיין בעכער. פאַר דיין גליק, פאַר דיין פרייהייט, קאָנסועללאַ!

**קאָנסועללאַ.** (נעמענדיג דעם בעכער)

און וואו איז דיינער? מען דאַרף קלאַפּען.

**דער.**

דו וועסט מיר לאָזען אַ העלפט.

**קאָנסועללאַ.**

אַזוי פיל דאַרף איך אויסטרינקען? כ'וועל זיין שכור, דערעלע. כ'דאַרף נאָך שפּרינגען.

**דער.**

ניין, וועסט נישט זיין שכור. מיידעלע האָסטו פאַרגעסען, אַז איך בין דיין כשוף מאַכער און דיין טרוים? טרינק רויג, איך האָב דעם ווין פאַררעדט, און אים איז כשוף. טרינק, בעטין.

**קאָנסועללאַ.** (אַפּלט ניכט)

וואָס פאַר אַ גוטע אויגען דו האָסט. אָבער פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלאַס?

**דער.**

דערפאַר, וואָס איך ליב דיך. קוק אין מיינע גוטע אויגען און טרינק, גיב זיך אָפּ מיין כשוף, געטין! דו וועסט איינשלאָפען און ווידער וועסטו אויפוואַכען, ווי אַ מאָל, דו געדענקסט? — און וועסט דערזען דיין היים, דעם הימעל...

**קאָנסועללאַ.** (צוטראָגענדיג דעם בעכער צו די ליפּען)

כ'וועל אים דערזען, ס'איז אמת?

**דער.** (וועדענדיג נאָך בלאַסער)

יאָ! וואַך אויף, געטין — און דערמאָן יענע צייט, בעת מיט שוים פונם ים פלעגסטו פון שטראַל = באַשיינטען ים אַנטשטיין. דערמאָן יענעם הימעל — און דעם שטילען ווינט



פון מזרח—און די סודות פון שוים ביי דיינע קליינע פיסעלאַך...

**קאָנסועללאַ.** (אויסטרינקענדיג)

אָט. זע: פונקט אַ העלפט! נעם. אָבער וואָס איז מיט דיר? — דו לאַכסט, אָדער וויינסט, דער?

**דער.**

איך לאַך און וויין.

**מאַנטשיני.** (לויפט אַבשטויסענדיג דערן)

געניג, גרעפין, מיין געדולד איז אויסגעשעפּט! אויב אָגיוסט איז אַזוי גוט און דערלויבט, בין איך אייער פאָטער... אייער האַנט, גרעפין! טרעט אָפּ, ליבסטער.

**קאָנסועללאַ.**

כ'בין מיד.

**מאַנטשיני.**

איר ווערט ניט מיד צו פלוידערן און טרינקען ווין מיט אַ לץ, און בעת אייך רופט דער חוב... בריקע, הייסט געבען דעם קלונג, צייט.

**קאָנסועללאַ.**

איך בין מיד, פאַפאַ.

**זינידע.**

הערט אויס, גראַף. ס'איז האַרצלאָזיג: זעט איר ניט, ווי זי איז בלאַס געוואָרען...

**באַראָן.**

וואָס איז מיט אייך, קאָנסועללאַ?

**קאָנסועללאַ.**

ניין, גאָרניט, סתם אַזוי.

**זינידע.**

זי דאַרף איינפאַך אָפּרויען, באַראָן, זי'ט זיך דאָך נאָך ניט אָנידערגעזעצט... און אַזאַ אויפרעגוּנג... זיץ דאָ, מיידעלע, דעק זיך צו, רו אָפּ אַ ביסעל. מענער זיינען אַזוי האַרצלאָזיג!

קאָנסועללאַ.
איך דאַרף נאָך אַרבעטען. (פאַרמאַכענדיג די אויגען) און די רויזען זײַנען פאַרטיג?

זינידע.
פאַרטיג, פאַרטיג. דו וועסט האָבען אַזאַ אומגעווײנליכען טעפּיך, וועסט זיך אוועקטראָגען, ווי אין דער לופטען. רו.

טילי.
ווילסט מיוזיק? מיר וועלען דיר שפּילען אַ לידעלע, ווילסט?

קאָנסועללאַ. (שמײכלענדיג מיט פאַרמאַכטע אויגען)
כ'וויל.

די קלאָאונען שפּילען אַ שטילע, נאַאיווע לידעלע: טילי-טילי פּאָלי-פּאָלי. אַלע שווײַגען. דער זיצט אין ווינקעל אָפּגעקערט; דזשעקסאָן קרומליך קוקענדיג אויף אים, זויגט פויל ווײַן. דער באַראָן אין זײַן געוויינליכער פּאָזע. ברייט אין שווער די פיס פונאַנדערגערוקט קוקט מיט אויסגעגלאָצטע, אומבאַוועגליכע אויגען אין קאָנסועללאָס בלײכען פּנים.

קאָנסועללאַ. (פּלוצלונג אויסשרײַענדיג)
אײַ! ס'טוט מיר וויי.

זינידע.
וואָס איז מיט דיר? קאָנסועללאַ!

מאַנטשיני.
קינד מײַנס! ביסט ניט געזונט? באַרויג זיך.

באַראָן. (בלאַס ווערענדיג)
וואַרט... זי האָט זיך איבערגעצוגט. קאָנסועללאַ!

קאָנסועללאַ שטײט אויף און קוקט פאַר זיך מיט ברייט אויפגעעפענטע אויגען, אַזוי ווי זי וואָלט זיך צוהערען צו דעם, וואָס קומט פאַר אינעווײניג.

קאָנסועללאַ.
אײַ. ס'טוט מיר וויי. אָט דאָ, וואו ס'איז ס'האַרץ. פּאַפּאַ, וואָס



איז עס! כ'האָב מורא. וואָס איז עס? און די פיס... וואָס איז מיט מײַנע פיס? כ'קאָן ניט שטיין.

פאַלט אויפן דיוואַן, די אויגען ברייט.

מאַנטשיני. (שמאַיענדיג)
אַ דאָקטאָר! אַך, גאָט מײַנער, ס'איז שרעקליך. אָגיוסט, באַראָן... מיט איר האָט עס קיינמאָל ניט פּאַסירט! ס'איז נערווען, נערווען, באַרויג זיך, קינד...

בריקע.
דעם דאָקטאָר!

עמיצער לויפט נאָכן דאָקטאָר. דזשעקסאָנס דערשראָקענער קול.

דזשעקסאָן.
דער, וואָס איז מיט דיר? דער.

דער.
ס'איז דער טויט. קאָנסועללאַ. מײַן קליינע מלכהלע, כ'האָב דיך דערהרגעט. דו — שטאַרבסט. (וויינט שטורמדיג)

קאָנסועללאַ ניט אַ געשריי און וואָרט, פאַרמאַכענדיג די אויגען, אײַנגעשטילט. אַלע זײַנען פאַרהאַלטעט. דער באַראָן איז אומבאַוועגליך, ער זעט נאָר קאָנסועללאַן.

מאַנטשיני. (זידט)
די ליגסט... אָשוסט! פאַרפלוכטער קאָמעדיאַנט, וואָס האָסטו איר געגעבען? דו האָסט זי פאַרסמט... מערדער! אַ דאָקטאָר!

דער.
דער דאָקטאָר וועט ניט העלפען. דו שטאַרבסט, מײַן קליינע מלכהלע קאָנסועללאַ! קאָנסועללאַ!

מיקומט געשוויגט אַריין בעזאַנאַ: „דירעקטאָר!" — ווערט אַנטשווינדן און קוקט מיט אימה. ס'איז נאָך ווער אַריין, בריקע מאַכט מיטן האַנט: „די טיר!".

**קאָנסועללאָ.** (מיט אַ שטים אַ בלאַסער און אַ ווייטער)

דו וויצעלסט זיך, דער? שרעק מיך ניט, כ'האָב אַזוי מורא. ס'איז דער טויט? — איך וויל ניט. איי... דערעלע, ליבינקער דערעלע מיינער, זאָג, אַז דו וויצעלסט זיך, כ'האָב מורא... גאָלדענער דערעלע מיינער!

דער שטויסט באַפעלעריש אָפּ דעם באַראָן און שטעלט זיך אויף זיין אָרט, איבער קאָנסועללאָן. דער באַראָן שטייט ווי פריהער, זעט נאָר קאָנסועללאָן.

**דער.**

יאָ, איך לאַך דאָס. הערסטו ניט מיין געלעכטער, קאָנסועללאָ? דאָ לאַכען אַלע פון דיר... נאַרעלע! ניט לאַך, דזשים, זי איז מיד און וויל שלאָפען... ווי קאָנסטו לאַכען, דזשים! שלאָף איין, מיין טייערע, שלאָף איין, מיין האַרץ, שלאָף איין, מיין ליבע!

**קאָנסועללאָ.**

יאָ, מיר טוט איצט ניט ווי. צו וואָס האָסטו אַזוי געשפּאַסט און אָנגעשראָקען מיך? איצט איז מיר קאָמיש· דו האָסט אַליין געזאָגט, אַז איך... וועל... לעבען אייביג...

**דער.**

יאָ, קאָנסועללאָ! דו וועסט לעבען אייביג... שלאָף איין! באַרויִג זיך!

אויסהויבענדיג די הענט. שטרייכט ער אָן אַלע כחות אַזוי ווי אַלץ העכער וואָלט ער הויבען איר נשמה.

**דער.**

ווי לייכט דיר איז, ווי ליכטיג, וויפיל פייערן ס'ברענען אַרום דיר... מען קאָן בלינד ווערען פון ליכטיגקייט!!



**קאָנסועללאָ.**

יאָ, ס'איז ליכטיג. איז עס די אַרענע?

**דער.**

ניין, ס'איז דער ים און די זון... וואָס פאַר א זון! פילסטו ניט. אַז דו ביסט שוים — דער ווייסער שוים פון ים, און דו פליסט צו דער זון. ווי לייכט דיר איז — דו האָסט קיין גוף ניט — דו פליסט! נאָך העכער, מיין ליבע!

**קאָנסועללאָ.**

איך פלי, איך בין דער שוים פון ים, און דאָס איז די זון, זי שיינט אזוי... מיר איז גוט.

זי שטאַרבט. מ'שווייגט.

דער שטייט נאָך מיט אויסגעהויבענע הענט, גיט אַ קוק — און אַ וואַרף די הענט נאָך הינטען; גייט שוואַנקענדיג אָפּ. איין מינוט נאָך שטייט ער, נאָכדעם זעצט ער זיך, אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויף די הענט, קעמפט איינזאַם מיט דער פאַרגליווערטקייט פון אָנקומענדיגען טויט.

**בריקע.** (שטיל)

זי איז איינגעשלאָפען, מוטער?

**זינידע.** (אַרויסלאָזענדיג די טויטע האַנט)

כ'האָב מורא, אַז ניין... טרעט אָפּ, לואי. באַראָן, פאַר אייך איז בעסער אָפּטרעטען. באַראָן, איר הערט ניט? (וויינט) לואי, זי איז געשטאָרבען.

ס'וויינען די קלאָונען און בריקע, מאַנטשיני איז דערשיטערט; דער באַראָן און דער ווינען אומבאַוועגליך — יעדער אויף זיין אָרט.

**דזשעקסאָן.** (אַרויסנעמענדיג אַ גרויסע, פאַרביגע קלאָונישע מיכעל און אָפּווישענדיג די טרערען)

פאַרוועלקט, ווי אַ בלימעלע... שלאָף, קאָנסועלעלע. מער איז איצט

ניט געבליבן, ווי די שפּורען פֿון דײַנע פּיסעלאַך אויפֿן זאַמד:
(ווײַזט) אַך, וואָס האָסטו אָנגעמאַכט, וואָס האָסטו אָנגעמאַכט, דער! בעסער וואָלסט ניט געקומען אַהער.

אויף דער אַרענע מוזיק.

**בריקע.** (מאַכט מיט דער האַנט)
די מוזיק, אָפּשטעלן די מוזיק. מען איז דאָרטען פֿון זינען אַראָפּ. וואָס פֿאַר אַן׳אומגליק!

עמיצער לויפֿט אַרויס. צום ווײַנענדיגען בעזאַנאָ גייט צו זינידע — און גלעט אים איבערן אײַנגעבויגענעם אָנגעשמירטען קאָפּ. אַ קוק טוענדיג, כאַפּט ער איר האַנט, און דריקט זיך צו צו איר מיט די אויגען. דער באַראָן. אַרויסנעמענדיג די רויז פֿון קלאַפּע, ריַיסט שווײַגענדיג אָפּ אירע בלעטלאַך און וואַרפֿט אַוועק, צוטרעטענדיג מיטן פֿוס. אין טיר קוקען אַרײַן בלאַסע, דערשראָקענע פּנימער — דערזעלביגער המון פֿון מאַסקאַראַד.

**זינידע.** (איבער בעזאַנאָס קאָפּ)
מען דאַרף דעם קאָמיסאַר, לואי.

**מאַנטשיני.** (אַרויס פֿון פֿאַרשטײַנערטקייט, שרײַט)
פּאָליציי, פּאָליציי אַהער. ס׳איז אַ מאָרד. איך בין גראַף מאַנטשיני! איך בין גראַף מאַנטשיני! מען וועט דיר אָפּהאַקען דעם קאָפּ, גזלן, פֿאַרפֿלוכטער קאָמעדיאַנט, גנב! איך אַליין וועל דיך דערשלאָגען, אָשוסט! אַך, דו!

דער הויבט מיט מי אויף דעם שווערען קאָפּ.

**דער.**
מען וועט אָפּהאַקען דעם קאָפּ — און ווײַטער וואָס... אײַער דורכלויכט?



**בריקע.**
גנעדיגער הער, הערט אויס, גנעדיגער הער, איך גיי נאָכן קאָמיסאַר... גנעדיגער הער! הערט אויף!

דער באַראָן מאַכט אומגעריכט אַ שריט פֿאָראויס. און קוקענדיג אין די אויגען דערן, רעדט ער הייזעריג, זיך האַלטענדיג פֿאַרן האַלז. און הוסטענדיג.

**באַראָן.**
כ׳בין אַן׳עדות, כ׳האָב געזען. כ׳בין אַן׳עדות, כ׳האָב געזען, ווי ער האָט געשאָטען סם. איך...

גייט אויך אַזוי אומגעריכט אַרויס, מיט די זעלבינע גלײַכע און שווערע טריט. פֿאַרן באַראָן טרעט מען מיט אימה אָפּ. דער לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ; איבער זײַן קערפּער לויפֿט צײַטענווײַז דורך אַ ציטערניש.

**דזשעקסאָן.** (אַ פּאַטש טוענדיג מיט די הענט)
איז עס פֿונדעסטוועגען אַן׳אמת? פֿאַרסמט? אַך, דער, וואָס זשע ביסטו פֿאַר אַן׳אויסוואורף: אַזוי שפּילט מען? איצטער וואַרט אויף נאָך אײנעם... אויפֿן לעצטען פּאַטש פֿון הענקער!

מײַזט אַרום זײַן האַלז, מײַנענדיג די גיליאָטינע. טילי און פּאָלי חזרן ניעכט ווילענדיג איבער זײַן זשעסט.

**זינידע.**
לאָז צורו זײַן נשמה, דזשים. ער איז געוועזן אַ מאַנסביל און ט׳געליבט... גליקליכע קאָנסועלאָ!..

אין קאָרידאָר — אַ שאָם. ס׳גייט אַרײַן אַ דערשראָקענער טאָמאָס, און באַווײַזט אויפֿן קאָפּ.

**סאַמאַס.**

דער באַראָן... דער באַראָן... דעם מח! זיך דערשאָסען!

**בריקע.** (אויפהויבענדיג די הענט)

גאָט, וואָס איז דאָס? דער באַראָן? וואָס פאַר אַנ'אומגליק איבער אונזער צירק!

**מאַנטשיני.**

דער באַראָן, דער באַראָן? — אָבער ניין. אָבער וואָס איז דאָס מיט איך. אַך!..

**בריקע.**

באַרויגט זיך, גראף! ווער וואָלט עס געקאָנט טראַכטען: אַזאַ... ווילטיגער הער.

**דער.** (הויבט מיט שווערינקייט אויף דעם קאָפּ, זעט שוואַך מיט די פאַרבלענדטע אויגען)

וואָס נאָך... וואָס האָט פּאַסירט?

**סאָמאַס.**

דער באַראָן האָט זיך דערשאָסען. עהרען וואָרט: גלייך אהער ליגט.

**דער.** (באַדענקענדיג)

דער באַראָן? (לאַכט) איז דער באַראָן... געפּלאַצט?

**דזשעקסאָן.**

הער אויף! אַ בזיון. אַ מענטש איז געשטאָרבען און דו... אָבער וואָס איז מיט דיר, דער?

דער שטייט אויף, אויפגעהויבען אויף די פיס מיטן לעצטען פלאַקער פון פאַרשטאַנד און לעבען; רעדט קרעפטיג און כעס'דיג.

**דער.**

דו'סט זי אזוי געליבט, באַראָן? דו האָסט אזוי געליבט? מיין קאָנסועללאָן? און דו ווילסט מיך דאָרטען אויך אַריבעריאָגען?



ניין! איך גיי! און מיר וועלען דאָרטען ביידע זיך פאַרהערען — וועמען זי געהערט אויף אייביג.

ער כאַפּענדיג פאַרן האַלז, פאַלט ער אַנידער. מען וואַרפט זיך צו אים. אַ געלאַף.

**פאָרהאַנג.**

**סוף.**

## פאַרלאַג
## „בר. לעווין־עפּשטיין און שותּפים“.

ורשבסקי יקיר / מן המולדת / רשמי מסע

*

אולינאָווער מ. / דער באָבעס אוצר / לידער
אַנדרעיעוו לעאָניד / דער וואָס קריגט
די פּעטש / אַ פאָרשטעלונג
גוצקאָוו קאַרל / אוריאל אַקאָסטא /
טראַגעדיע
זשיטניצקי ה. ל. / אַנ׳אָוועגד
" / דעם זיידענס הייזעל
" / נאָוועלען פֿון טויט
חסיד / אונטער שטילע הימלען
פערלע יהושע / אונטער דער זון
רייזפעדער יעקב / פּאַרצייטענס

*

Achad Haam / Na rozdrożu / dwa szkice
Bałaban M. Dr. / Z historji Żydów w Polsce / szkice i studja
Hirszhorn S. / Antologja poezji żydowskiej
" Historja Żydów w Polsce

*

ביטשער סטאָו / אהל תם
„מספרות העמים“
ספריה מנקדת לבני הנעורים
א) קונדורושקין / בנאות החרמונים
ב) קונן דאויל / הסוד הנורא
ג) ויליה די ליל ארן ואדגר פו
האינקביזיציה ומוראותיה
ד) קונן דאויל / הגבן
ה) הוגא ויקטור / קליד גה
ו) קונן דאויל / משרתו של הסרסור

*

בוש ווילהעלם / נאָטעל און מאָטעל
" / פאַפּירענע שלאַנג
" / ראָבען־נעסט
" / קאָפּעלע און די גענז
דער טונקעלער / דער פורים־בער /
אַ טעאַטער־שטיק פאַר קינדער

WARSZAWA, GĘSIA 5.

## TEN KTÓRY JEST POLICZKOWANY.

SZTUKA W 4-CH AKTACH LEONIDA ANDREJEWA. PRZEKŁAD A. MOREWSKIEGO. OKŁADKA H. BERLEWIEGO. WYDAWNICTWO B-CI LEWIN-EPSTEIN I S-KA WARSZAWA, GĘSIA 5.